LATEINER's

# Dramatische Werke.

# BLIMALE

oder

# Die Perle von Warschau.

PODGORZE.

Druck von S. L. Deutscher. — Verlag von A, Faust.

Buchhandlung, Krakau. — 1903.

# בּרידהמעלע

אָדער

## דיא פּערלע פאָן װאַרשאַ

(עלילת דם).

אָפּפּערעטע אין 5 אַקטען

פאָן

**לאַטײנער.**

מוזיק פאָן אַבראַמאָװיטש.

פאדגורזע, תרס"ג.

פערלאג פאָן אהרן פויסט, בוכהאַנדלונג אין קראַקויא. — דרוק פאן ש. ל. דייטשער אין פאדגורזע.

---

DIE PERLE VON WARSCHAU

oder DIE BLUTBESCHULDIGUNG.

Verlag von A. Faust, Buchhandlung in Krakau. — Druck von S. L. Deutscher in Podgórze bei Krakau.

1903.

# פערזאָנען:

---

קעניג אויגוסט דער 3-טע — קעניג פאָן פּאָלען.

גראף סטאניסלאוו יאבלאָנאָוויטש.

מאקסים — דארפס-ריכטער.

ליעפּע — שעכטער.

דאקטאר דאניאל — זיין זאהן.

ציערעלע — זיינע יונגערע טאכטער.

בליהמעלע — דאניאלס עהעפרויא.

וועליקעל מנגן — ליעפּעס דיענער.

מרים ליעפּעס -- ערציעהונגס טאכטער.

בערעלע (דאנן געטויפטער יודע פּאויל) — איהר ברודער.

קאר: פאלק, יודעי, פּאלען, גנעסטע, מאסקירטע געסטע, פיער אראבער. צווייא טויבען, איין ציגיינער פּאאר, יעגער עט צעט.

ארט דער האנדלונג: פּאלען, פּאזעי אונד ווארשא.

## I. אַקט

(שטעלט פאר בייא ליעפען א סאלאָן, א גרויסער טיש מיט לעכט ברענגען, טעלער און נאָך אנדערע אויפוואַרטונגס-געשיערע שטעהט אויף דעם טיש. קאר ערשיינט מיט געזאַנג).

**קאָר:** וויר גראטוליערען ווינשען גליק, וויר גראטוליערען דאס פּאָר.
אלע צוזאמען וויר גוטע פריינד ווינשען גליק און לאנגע יאָהר.
חתן וכלה מזל טוב, שרייט אלע מזל טוב.

**ליעפּע:** (ערשיינט) מיינען דאנק עמפּפאנגט יעצט ליעבע געסטע,
פאם הערצען מיינען טיעפסטען דאנק, איהר זייט מיר
ווילקאמען אלע, געניעסעט אלע דאס בעסטע. (אב).

**קאָר:** (אבגעהענד) וויר גראטוליערען ווינשען גליק,
וויר גראטוליערען און ווינשען גליק, א וויוואט.. (אב)

(אויפטריט זעליקעל פון דער זייט וואס דאס קאר איז אבגעגאנגען מיט געזאנג חתן כלה מזל טוב, בערעלע קומט איהם אן ענטגעגען פון דער טהיר, זייא שלאגען זיך ביידע אן).

**זעליק:** א! בערעלע? פון וואנען האסטו דיך יעצט גענומען?

**בערל:** וואס וואונדערסט דוא דיך אזוי?

**זעליק:** איך וואונדער מיך פון וואנען דוא האסט דיך פלוצים גענומען?

**בערל:** וואס געהט דיך אן פון וואנען? אבי איך בין דא.

**זעליק:** טאקע א שאדע וואס דוא ביזט יא דא, האסט נישט געמעגט זיין.
חתן כלה מזל טוב (און טאנצט).

**בערל:** וואס איז מיט דיר זעליקעל? וואס ביזט דוא אזוי פריילך?

**זעליק:** דוא קומסט א פנים ערשט אן? וואס דוא ווייסט גאר נישט וואס
דא טהוט זיך. וויא באלד אזוי פלאטץ בערעלע פלאטץ וועל איך דיר
אריין ברענגען לעקעך און בראנפען און ח. כ. מ. ט. (וויל אב טאנצען).

**בערל:** אבער זעליקעל ביזט דוא משוגע געווארען?

**זעליק:** ניין, זעליקל איז נישט משוגע. נאר משוגע וועט ווערען בערעלע
שיינעך ווען ער וועט דערהערען דאס נייעס וואס עס טהוט זיך בייא
אונז אין פאזען. און ח. כ. מ. ט.

**בערל:** אָבֶער וָואס איז גֶעשֶׁעהֶען זֶעלִיקְל?

**זעליק:** סטייטש דוא ווייסט גָאר נִישְׁט? וְויא באלד אזוי פְּלַאטְץ אונ הֶער, אָדֶער הֶער אוּנ פְּלַאטְץ, (מיט דיא רייד זעצט ער איהם אויף ,איינען זעסעל), בְּלִיהְמֶעלֶע דָאס טַייעֶרֶע בְּלִיהְמֶעלֶע.

**בערל:** נו יָא בְּלִיהְמֶעלֶע: (נייגעריג).

**זעליק:** דָעם ראש יְשִׁיבָה׳ס טָאכְטֶער בְּלִיהְמֶעלֶע, דָאס זִיסֶע גָאלְדֶענֶע בְּלִיהְמֶעלֶע, דָאס הִימְלִישֶׁע בְּלִיהמֶעלֶע.

**בערל:** אָבֶער וָואס איז גֶעשֶׁעהֶען מִיט בְּלִיהְמֶעלֶע?

**זעליקל:** זִיא האט הַיינְט חֲתוּנָה.

**בערל:** מִיט וֶועמֶען? וָואס איז בְּלִיהְמֶעלֶען גֶעשֶׁעהֶען?

**זעליקל:** וָואס גֶעהְט דִיךְ אָן מִיט וֶועמֶען אַבִּי נִישְׁט מִיט דִיר, רבש״ע מִיט אַלֶע יוּדִישֶׁע טֶעכְטֶער מֶעג אַזוינְס גֶעשֶׁעהֶען וָואס מִיט אִיהר אִיז גֶעשֶׁעהֶען. זִיא הָאט הַיינְט חֲתוּנָה, בֶּערֶעלֶע.

**בערל:** (גאנץ ניעדער געשלאגען) בְּלִיהְמֶעלֶע האט הַיינְט חֲתוּנָה?

**זעליק:** יָא אוּנ דוּא פְּלַאטְץ בֶּערֶעלֶע וֶוער צֶעוֶועצְט בֶּערֶעלֶע.

**בערל:** אוּנ וֶוער אִיז דָער גְלִיקְלִיכֶער וָואס פִיהְרְט זִיא צוּ דֶער חוּפָּה?

**זעליקל:** קוּם (שלעפט איהם) נוּ קוּם!

**בערל:** וְויא אַהִין זָאל אִיךְ גֶעהֶען?

**זעליקל:** קוּם אִין מִקְוֶה אַרַיין.

**בערל:** וָואס טוֹיג דִיר דִיא מִקְוֶה זֶעלִיקְל?

**זעליקל:** קוּם אִין מִקְוֶה אַרַיין אוּנ זָאלְסְט דִיךְ 7 מָאל אָבּ טוֹבֵל׳ען אַז דוּא זָאלְסְט דִיא וֶוערְטֶה הָאבֶּען דָעם הַיילִיגֶען נָאמֶען פוּן בְּלִיהְמֶעלֶעס גְלִיקְלִיכֶען זִיווּג צוּ הֶערֶען.

**בערל:** זָאג מִיר נָאר זֶעלִיקְל בִּיזְט דוּא שׁוֹין אַ חַזָן?

**זעליק:** אִין וָואס דֶערְקָאנְסְט דוּא בֶּערְל?

**בערל:** ווייל אַ נַאר זֶעה אִיךְ בִּיזְט דוּא שׁוֹין.

**זעליקל:** וָואס הָאסְט דוּא מִיט דַיין חָכְמָה אוֹיסְגֶעשְׁפִּיעלְט גְרוֹיסֶער חָכָם מַיינֶער? דוּא אוּנ בְּלִיהְמֶעלֶעס גְלִיקְלִיכֶער זִיווּג אִיהר הָאט בֵּיידֶע גֶעלֶערְנְט בַּייא בְּלִיהְמֶעלֶעס פָאטֶער אִין דֶער יְשִׁיבָה. אִיהר בֵּיידֶע זֶענְט גֶעוֶוען דָער סֶענְץ פוּן דֶער יְשִׁיבָה. מֶען הָאט גֶעמַיינְט אַז אִיהר בֵּיידֶע מִיט אַייעֶרֶע שַׁארְפֵי גֶעשְׁלִיפֶענְטֶע קֶעפְּלֶעךְ וֶועט אַ וֶועלְט אִיבֶּערְקֶעהְרֶען.

צום סוף האסט דוא דיין שארף קעפעלע אויסגענוצט אויף שמאר שטיק אזוי לאנג אונ אזוי ברייט ביז מען האט דיך פון דער ישיבה ארויסגעטריבען. אונ דוא ביזט אוועק וויא דער שווארצער פעפער וואקסט. מען האט אפילו נישט געוואוסט וויא דער רוח האט דיך אוועקגעטראגען, דאגעגען אבער בליהמעג עם גליקליכער זיווג האט נישט גערוהט אונ האט געלערנט ווייטער, טאג אונ נאכט האט ער געהאלטען אין איין לערנען אזוי לאנג אונ אזוי ברייט ביז ער איז געווארען א דאקטאר, מיינסט דוא אפשר א פראסטער דאקטאר, ניין, דער בעריהמטעסטער דאקטאר אין גאנץ פוילען. אזוי האט איהם דער קעניג צו זיך פאר א דאקטאר גענומען, אונ נישט נאר א דאקטאר איז ער, ער איז אויך זיין ערשטער ראטהגעבער, ווייל ער האט זיך אין זיינער טרייע איבערצייגט. אזוי האט ער איהם צום ערשטען ראטה געבער געמאכט. פערשטעהסט דוא שוין בערעלע ווען איך מיין דאס?

**בערל:** יא דאניאל ר׳ ליפע שוחט׳ס זוהן מיינסט דוא.

**זעליק:** יא דעם פראסטען ישיבה בחור מיין איך. בערעבען דיך נאר וויא ווייט ער האט דאס געבראכט, אז דער קעניג פון פוילען דארף עפּיס טהון א זאך, טהוט ער נישט ביז ער פרעגט נישט ביים געוועזענעם ישיבה בחור א ראטה, פערשטעהסט דוא שוין ווער בליהמעלעם גליקליכער זיווג איז?

**בערל:** יא דאניאל איז בליהמעלעם גליקליכער זיווג?

**זעליק:** יא, דאניאל פיהרט היינט בליהמעלען צו דער חופה, אונ דוא פלאטץ בערעלע, ווער צעזעצט בערעלע אונ חתן כלה מזל טוב.

(מיט דעם אב).

**בערל:** (אליין) אזוי דאניאל פיהרט היינט בליהמעלען צו דער חופה? דאן זענען שוין אלע מיינע האפנונגען פערלוירען. אבער ניין, נישט אומזאנסט האב איך מיך געטויפט. אוי רבי, רבי, איך געדענק נאך ווען איהר פלעגט מיך רופען בערעלע שייגעץ, איהר פלעגט אימער שרייען אז פון מיר וועט קיין לייט נישט זיין. יא רבי אייערע ווערטער זענען מקוים געווארען דען אנשטאט בערעלע שייגעץ בין איך יעצט א גאנצער גוי אויסגעוואקסען. אבער נאר איהר האט מיך דערצו געבראכט, איהר האט מיר מיין לעבען פערגיפטעט, אבער בעקומט

מיר מיין לעבען נישט אזוי ואל אייך אויך אייער לעבען נישט בעקומען. איך וועל פון אייך אלע א תל מאכען. נישט אומזאנסט היים איך אצונד פאויל, דער געטויפטער יודע.! נאר אום מיך אן מיינע פיינדע צו רעכען האבע איך מיך געטויפט. יא ראבע, ראבע, ראבע, וויא זים ביזט דוא ראבע. (אב)

קאר: (אויפטריט) לאזט אונז יעטצט זינגען אלע
גראטוליערען דאס נייע פאר
מזל טוב דיר חתן כלה,
גליק אונ זעגען אויף לאנגע יאהר
ווינשען מיר אויך אלע גוטע פריינד
מיט יובעל אונ געזאנג. (ביס)
א שעהנער יום טוב איז דאך היינט,
חתן כלה מזל טוב (3 מאל)
ווינשט אלע פריינד, א יום טוב איז היינט. (ביס)

מענער: זעהט דאס פאהרל געהען
דאמען: וויא עהרליך אונ שעהן. (ביס)

(בייא דעם געזאנג ערשיינט בליהמעלע געפיהרט פון דאניאל אונ ליעפע מיט זייא, זייא נייגען זיך פאר דיא געסטע אונ בלייבען אין דער מיטטע שטעהען)

ארע: שעהן שעהן דאס פאהרל געהען,
אך וויא הערליך אונ שעהן, שעהן (ביס)
חתן כלה מזל טוב... א. ז. וו.

ליעפע: (זעגנעט זייא) עמפפאנגט יעטצט פון מיין מונד
דיא ברכה צו א׳יערען בונד.
בעשיטצע אייך גאט, פון עלענד אונ פון נאטה,
אהבה וחבה. (ביידע) זעגנע אונז פאטער יעטצט
ושלום ורעות. (ביידע) זעגנע אונז פאטער יעטצט
אהבה וחבה ושלום ורעות ורעות.

קאר: אמן שרייט אלע, יעטצט חתן וכלה
דיא ברכה זאל אן געהן, שרייט אלע יעטצט אמן.
חתן כלה מזל טוב א. ז. וו. (מיט דעם געזאנג אלע אב

(אויפטריט זעליקל מיט א שטיקעל נאטען פאפיער אין דיא הענד).

**זעליג:** חָתָן כַּלָה מַזָל טוב... עֶה דָאס קֶענֶען דָאךְ אַלֶע וָואס זָשֶע אִיז דָאס פַאר אַ קונְץ. אִיךְ וָואלְט גֶעוָואלְט עֶפִּים מַאכֶען פַאר חָתָן כַּלָה, עֶפִּים אַ מִין בַּארַאשְׁאכֶץ, עֶפִּים אַ מִין אֵייגֶענֶע אִינְקָווִיזִיצִיֶע, אַ כְּלָל, מִיר וָועלֶען פְּרִיעוּוֶען אָנֶהֵייבֶען. (ער שרייבט אונ זינגט) דָאלֶעלֶע לְמָאלֶע סִיעלֶעלַא לְמָאלֶע. חָתָן מַזָל טוֹב כַּלָה מַזָל טוֹב. כַּלָה מַזָל טוֹב אוּנ חַאפְּט (א קיקס) עֶה מִיר דַאכְט זִיךְ אַז עֶס אִיז נִישְׁט גוּט, עֶס גֶעהט נִישְׁט דִען דֶער חָתָן לֶעגְט זִיךְ אֲפִילוּ נִישְׁט אוֹיף דִיא נָאטֶען נָאר דִיא כַּלָה ווִיל זִיךְ עֶפִּים נִישְׁט גוּט אוֹיף דִיא נָאטֶען אוֹיסְלֶעגֶען. לָאמִיךְ נָאר פְּרִיוּוֶען אוֹיפְ׳ן אֵבֶערֶן צֶעה. (ער קיקסט) עֶס גֶעהט אוֹיךְ נִישְׁט. גֶעה פַייף אַז דֶער פֵייפֶער אִיז פֶערְשְׁטָאפְּט. לָאמִיךְ נָאר פְּרִיוּוֶען אוֹיפְ׳ן אֵבֶערֶן פֶע (קיקסט ווייטער) דָאס אִיז מִיר דַאכְט זִיךְ אִין גַאנְצֶען פֶע. אַ שֶׁעהֶן פְּנִים קֶען אִיךְ הַאבֶּען מִיט אַזַא מִין זִינְגֶען וָוען חָתָן כַּלָה זָאלֶען דַאבֵּיי זַיין. אִיךְ ווִיל דָאךְ אָבֶער פָּארְט מַאכֶען עֶפִּים אַ מִין אִינְקָווִיזִיצִיֶע, עֶפִּים אַ מִין אִיבֶּערַאשְׁאכֶץ... עֶס גֶעהט וַוייטֶער נִישְׁט, נוּ מַאךְ אַז דֶער פֵייפֶער אִיז צוּ. אַזוֹי אִיךְ וַויים שׁוֹין פַאר וָואס אִיךְ קֶען דִיא קָאמְפֶּעדְרִיצִיֶע נִישְׁט מַאכֶען. אַהָא אִיךְ וַויים שׁוֹין. דָארְט שְׁטֶעהְט צִיעַרֶעלֶע מִיט אַלֶע אוּנְטֶער דֶער חוּפָּה, אוּנ אִיךְ בִּין גָאר דָא. נַיין, אִיךְ בִּין אוֹיךְ דָארְט, דֶען מַיין קָאפּ מַיינֶע גֶעדַאנְקֶען זֶענֶען דָארְט. נוּ גֶעה מַאךְ דָא אַ קָאמְפֶּעדְרִיצִיֶע, אַז אִיךְ בִּין גָאר דָארְט, אַז מַיין גַאנְצֶער כֹּחַ פוּן דֶענְקֶען אִיז גָאר דָארְט. נוּ גֶעה מַאךְ דָא אַיין אִינְקָווִיזִיצִיֶע אַז מַיין קָאפּ אִיז גָאר בַּיי אַיין אַנְדֶערֶע אִינְקָווִיזִיצִיֶע בַּיי אַ לֶעבֶּעדִיגֶער אִינְקָווִיזִיצִיֶע, בַּיי אַ לֶעבֶּעדִיגֶער קָאמְפֶּעדְרִיצִיֶע מִיט אַ פָּאר שֶׁעהְנֶע אֵייגֶעלֶעךְ מִיט אַ שֶׁעהְן נֶעזֶעלֶע מִיט אַ זִים פִּיסְקֶעלֶע מִיט אַ פָּאר פִּימְסֶענֶע לִיפֶּעלֶעךְ. אוֹי אִיךְ הַאלְט עֶס נִישְׁט אוֹיס. אוֹי צִיעַרֶעלֶע, צִיעַרֶעלֶע, וָואס וֶועט זַיין דֶער סוֹף פוּן דֶעם. דוּא בִּיזְט דֶעם רַייכֶען לִיפֶּע שׁוֹחֵט׳ס אַ טָאכְטֶערְל דָאס שְׁוֶועסְטֶערְל פוּן אַזַא בֶּערִיהַמְטֶען דָאקְטָאר דַאנִיאֵל. אוּנ אִיךְ וָואס בִּין אִיךְ, אוּנ וֶוער בִּין אִיךְ, אַ פְּרָאסְטֶער אָרִימֶער יָתוֹם, אוּנ אַיין אָרִים מְשָׁרֵת׳ל בַּיי אַייךְ אִין שְׁטוּבּ וָואס זָשֶׁע זָאל אִיךְ טְהוּן אַז אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ אַ הֶערְצֶעלֶע. יָא אִיךְ פִיהְל אוֹיךְ אַז אִיךְ הָאבּ לִיעבּ. אוֹי אִיךְ הָאבּ גָאר פֶערְגֶעסֶען אִין מַיין אִיבֶּערַאשְׁעכֶץ. (ער שרייבט ווייטער, ציערעלע ערשיינט אונ בלייבט פערשעהמט שטעהען)

געה אַוועק ציערעלע שטעהר מיר נישט מיינע געדאַנקען שלאָג מיר נישט איבער מיין אינקוויזיציע.

**ציערעלע:** שטעהר איך דיר זעליקל, אַזוי וועל איך מיר אַוועקגעהען.

**זעליק:** ניין ציערעלע איך האב שוין אבגעשריעבען.

**ציערעלע:** שטעהר איך דיר געה איך מיר אַוועק.

**זעליק:** ניין דוא דאַרפסט מיר דיא שטוב נישט אבטרעטען, דען דאס איז דאך דיין שטוב, און איך בין דאך דא נישט מעהר ווי א פרעמדער. גיבער דאַרף איך דיר דיא שטוב אבטרעטען.

**ציערעלע:** זעליקל ווייסט דוא צו וואס איך בין געקומען?

**זעליקל:** איך וויים (גאנץ נאיוו)

**ציערעלע:** איך בין געקומען דיא טעלערלעך אבפוטצען.

**זעליק:** זאל איך דיר העלפען ציערעלע?

**ציערעלע:** אום.

**זעליק:** געשוויגען איז גערעדט (ער חאפט א טעלער און ווישט מיט דעם נאטען פאפיער) אוי בין איך א שלימזל'דיגער אינקוויזיטאר אט האב איך געמאכט א תל פון דער גאנצער אינקוויזיציע.

**ציערעלע:** זעליקל דוא ווייסט אַז מיין דאַניאל נעהמט בליהמעלען באלד נאך דער חתונה קיין וואַרשא מיט?

**זעליק:** וואס זשע איז זיי זענען דאך שוין מאן און ווייב.

**ציערעלע:** יא זיי ווילען אבער מיך אויך מיט נעהמען. (ער פערליערט דעם טעלער) אוי וואס טהוסט דוא זעליקל דוא האסט דאך דאס טעלערל צעבראכען.

**זעליק:** ניין ציערעלע דאס טעלערל איז נישט צעבראכען (צייגט אויף זיין הערץ) א דאס טעלערל איז צעבראכען אבער נישט יענץ טעלערל. אוי וואס טהוט מען איך האלט דאס נישט אוים. ציערעלע איך וועל דיר עפים זאגען.

**ציערעלע:** נו זאג זעליקל שעהם דיך נישט.

**זעליק:** ניין איך האב דיר שוין לאַנג געוואלט זאגען.

**ציערעלע:** נו זעליקל?

**זעליק:** ניין איך מוז דיר זאגען ציערעלע.

**ציערעלע:** אַז וואס?

זעליק: אוי וואס טהוט מען? ניין איך מוז ארויס מיט לשון, לאז זיך מיר דאכטען אז איך בין א סאלדאט, אונ איך מוז געהען אין דער מלחמה אריין. אוי! אבער איך קען נישט. (קווערקעלט זיך)

ציערעלע: וואס איז דיר זעליקל?

זעליק: עפּיס ווארגט מיך וואס איך קען נישט ארויסרעדען.

ציערעלע: ווי ווארגט דיך אין האלדז?

זעליק: אוי אין האלדז, אין קאפּ, אין דיא הענד, אין דיא פיס, איבערהויפּט א דא אין הערץ אוי.

ציערעלע: דוא האסט דיך א ודאי פערקיהלט זעליקל.

זעליק: ניין, פארקעהרט, איך האב מיך דערוואַרעמט.

ציערעלע: זעליקל זאל איך דיר טרעפען וואס דיר פעהלט?

זעליק: אדרבא ציערעלע.

ציערעלע: דוא האסט.

זעליק: יא איך האב אבער וואס?

ציערעלע: דוא האסט מיך.

זעליק: יא איך האב דיך אבער וואס האב איך דיך?

ציערעלע: דוא ווייסט שוין וואס זעליקל.

זעליק: אוי יודען איז דאס א חכמה. אבער ציערעלע דאס וואס איך האב דיך האסט דוא אויך מיך?

ציערעלע: אום אום.

ביידע: וואס זשע טהוט מען?

דועט ביידע: וואס טהוט מען? איך שעהם מיך
עס מוז ארויס, דער שמערץ איז גרויס
איך האלט עס נישט אויס.
אוי ווי זאגט מען דאס איהר
אוי ווי ערקלעהרט מען דאס דיר.
איך האלט מיך אין איין שעהמען ווי א פיצל קינד.
ווי נעהמט מען לשון אצונד. (מוזיק איבערגאנג)

ער: איך מוז איהר ערצעהלען
מיין שמערץ קען זיא היילען.

זיא: נו זאג זאג שעהם דיך נית.

**ער:** דָא בְּרֶענְט דָאס דָא בְּרִיהְט דָאס,
דָא קָאכְט דָאס דָא וִיעד דָאס.

**זיא:** זָאג זָאג זָאג, שֶׁעהְם דִיךְ נִישְׁט שֶׁעהם דִיךְ נִישְׁט.

**ער:** דָא נַייגְט דָאס דָא וַויגְט דָאס,
דָא קְלֶעהְרְט עֶס, דָא צֶעהְרְט עֶס. (צייגט אויף דאס הערץ, דען מונד, דען קאפף, דיא ברוסט.)
אִין קָאפּ נָאר ווִיעצֶער אִיז,
עֶרְקְלֶעהְר וָואס וִויל עֶס.

**זיא:** בָּאלְד בָּאלְד עֶרְקְלֶעהר אִיךְ דִיר.
יָא, הֶער אַיין עֵצָה פוּן מִיר
מַיין וֶועלִיכְל שְׁרֶעקְ דִיךְ נִישְׁט קְרֶענְק דִיךְ נִישְׁט אִיךְ הָאבּ פַאר דִיר
א רְפוּאָה.

קוּם וֶועסְט דוּא מִיךְ פָאלְגֶען וֶועט טַאקִי זַיין גוּט,
פַאר דִיר אוּנ פַאר מִיר א יְשׁוּעָה.
אוּם . . . צוּ קִיסֶען, אוּם . . . צוּ קִיסֶען, וֶועט הַיילֶען דַיין שְׁמֶערְץ.

**ער:** וֶועה אִיז מִיר.

**זיא:** אוּם... צוּ קִיסֶען, אוּם... צוּ קִיסֶען, וֶוערְט בָּאלְד גֶעהַיילְט דַיין הֶערְץ.

**ער:** אוֹי אוֹי... עֶס אִיז דָאךְ א גְרוֹיסֶע עֲבֵירָה.

**זיא:** דִיא עֲבֵירָה זֶעהְסְט דוּא נֶעהם אִיךְ אוֹיף מִיר.

**ער:** אוּנ דִיא רְפוּאָה קְרִיעג אִיךְ בָּאלְד פוּן דִיר.

**ביידע:** יָא לָאמִיר פְּרִיוֶוען אוֹיף קַאטָאוֶועס. (קיסען זיך)
דָאס הַייסְט מִיר הָאבֶּען בֵּיידֶע אַ טָעוּת...
אוֹי עֶס אִיז ווִי הָאנִיג זִיס. (ביס)
עֶס גְלִיעֶסְט זִיךְ צוּ גֶעבֶּען אַ נָאשׁ.
עֶס אִיז מְחַיֶה, עֶס צוּגֶעהְט זִיךְ פוּן קָאפּ בִּיז פִּיס
כְּצַפִּיחִית מִדְבַשׁ. (דאן קומט דער שוואער-טאנץ אום זיך ניט צו פערראטען)

(הינטער דיא קוליעססען הערט מען א געשרייא).

**ביידע:** אוֹי וֶועה וָואס אִיז דָארְטֶען? (ליעפע ערשיינט)

**ליעפע:** שְׁרֶעקְט אַייךְ נִישְׁט מַיינֶע קִינְדֶער גַם זֶה לְטוֹבָה. זַייט מַיין קִינְד הָאט בַּיים קֶענִיג אוּרְלוֹיבּ גֶענוּמֶען רוּהֶען נִישְׁט דִיא שׂוֹנְאֵי יִשְׂרָאֵל, עֶר הָאט דֶערְהַאלְטֶען א טֶעלֶעגְרַאמֶע אַז דֶער קֶענִיג אִיז נִישְׁט גֶעווּנְד אַזוֹי מוּז עֶר שׁוֹין פָאהְרֶען.

**זעליקל:** וועה איז מיר נאך פאר דער גילדענער יויך?

**ריעפע:** איהם רופט זיינע הייליגע פפליכט. (אויפטריט אלע געסטע קאר מיט דעם געזאנג).

**קאר:** וועה אונז וועה אונז, וואס איז פאר איין אונגליק. (ביס)

**ריעפע:** פערליערט קיין קוראש און קיין מוטה נאר בעט גאט.
יא העלפען וועט ער זיין פאלק אין דער נאטה.
יא רעטען וועט ער זיין פאלק ישראל
ווי ער פלעגט העלפען זיין פאלק אמאל.

| **מענער:** | **דאמען:** | |
|---|---|---|
| שרעקט אייך קינדער ניט | שרעקט אייך ניט (6 מאל) | (ביס) |
| א מלאך טוב געהט מיט אונז מיט | מיט אונז מיט | |
| ער וועט אונז שוין העלפען. | ער וועט אונז שוין העלפען. | |

**אלע:** יא שרעקט אייך נישט, דען דער גרויסער גאט,
וועט אונז רעטען פון דער נאטה
פון דער נאטה אמן אמן.

(דאניאל מיט בליהמעלען ערשיינען, זיא האלט דעם קאפף אויף זיין ברוסט און וויינט).

**דאניאל:** ווינע ניכט געליעבטעס
דיינען מוטה פערליערע ניכט,
פערלאסען מוז איך דיך,
וויל מיך איינע היילינע פפליכט,
דאך מיין הערץ און מיין זעעלע,
לאז איך דא צוריק ביי דיר,
ביז וויר אונז וויעדער זעהען
אדיע לעבע וואהל.

**בליהמעלע:** געה מיין פריינד געה מיט גאט,
דען דיך רופט דיינע היילינע פפליכט,
שיטצע ער דיך פון יעדער נאטה,
געה מיט גאט פערוויילע ניכט,
און מיין הערץ מיין זעעלע,
נעהמע אויך מיט דיר מיט,

דֶער וִיסֶער הִימֶעל הִיטֶע דִיךְ,
אוֹיף יֶעדֶען אָרט אוּנ טְרִיט.

**ליעפּע:** הֶעלְף אוּנז גָאט פוּן דַיא שׂוֹנְאִים ווִי אַמָאל,
הֶעלְף אוּנ רֶעטֶע דַיין הֵיילִיג פָאלק יִשְׂרָאֵל
רַחֵם נָא אָבִינוּ, עֲנֵנוּ.

**ציערעלע זעליקל:** אָבִינוּ עֲנֵנוּ. **קאר:** אָמֵן.

**ליעפּע:** אוֹי חוּס וְרַחֵם עָלֵינוּ

**ציערעלע זעליקל:** וְרַחֵם עָלֵינוּ. **קאר:** אָמֵן.

**ליעפּע:** שִׁיק אוּנז גָאט דַיין מַלְאָךְ טוֹב.
אוֹיף שְׁרִיט אוּנ טְרִיט, פֶערְלָאז אוּנז נִיט, אוֹי אָמֵן.

**ציערעלע זעליקל:** שִׁיק אוּנז גָאט דַיין מַלְאָךְ טוֹב. **קאר:** אָמֵן.

**דאניאל בליהמערע דועט:** יָא קֵיינֶע הָאפנוּנג פֶערְלִיעֶר,
בָּאלְד ווִיעֶדֶער ווִיעֶדֶער צוּרִיק,
בָּאלְד זֶעהֶען ווִיר אוּנז מִיט פְרֵיידֶע, מִיט
פְרֵיידֶע אוּנ מִיט גְלִיק. (בּיס
לֶעבֶּע ווָאהְל אַדְיֶע אוֹיף ווִיעֶדֶערְזֶעהְן,
אוֹיף ווִיעֶדֶערְזֶעהְן לֶעבֶּע ווָאהְל, יָא. אָ. אָ.

**ארע:** קֵיין הָאפנוּנג פֶערְלִיעֶר
בָּאלְד ווִיעֶדֶער ווִיעֶדֶער צוּרִיק.

**דאניאר:** אַדְיֶע לֶעבֶּט מִיר אַלֶע ווָאהְל.

**בליהמערע:** אַדְיֶע גֶעה גֶעה מִיט גָאט.

**ארע:** אַדְיֶע גֶעה מִיט גְלִיק. (עס פאלט איבער זייא אריבער איין טאבלאן, עס בילדעט גראף יאבלאנאוויטש צימער).

(אויפטריט בּערעלע אלס פאויל, דיענערמעסיג געקליירעט).

**פאויל:** יֶעטְצְט רֶעכֶען אִיךְ, ווֶעט מִיר גֶעלוּנְגֶען אָן מֵיינֶע פֵיינְדֶע רַאכֶע צוּ נֶעהְמֶען, דֶען אִיךְ דִיעְן יֶעטְצְט בַּיים גְרֶעסְטֶען יוּדֶען פֵיינְד דֶער ווֶעלְט, דֶער גְרַאף יַאבְּלָאנָאוִויטְשׁ. עֶר ווֶעט זִיךְ שׁוֹין מִיט זַייא רֶעכֶען פַאר מִיר אוּנ פַאר אִיהְם אוּנ פַאר אַלֶע גוֹיִם פוּן אַ גַאנְץ יָאהְר. (מיט דיא רייד טראגט ער אריין אַ טישעל מיט אַ פאַר זעסעל).

(אויפטריט מאקסים אַיין אַלטער הונד מיט איין שווארצען שלוסראַק, אונ אַ פישקע טאבעק אין דער האנד).

מאקסים: א וויא געהטס דיר פאויל מיין זאהן.

פאויל: זעהר גוט נאר אויף צרות בין איך.

מאקסים: נון וויא געפעלט דיר אונזער גלויבען, פיהלסט דוא דיך גליקליך אין אונזערע מיטטע?

פאויל: יא זעהר גליקליך. וואס זשע קומט מיר ארוים אז איך בין אלץ אויף צרות.

מאקסים: וויא קאנסט דוא אויף צרות זיין ווען דוא דיך גליקליך פיהלסט. (גראף ערשיינט גאנץ מוטהלאז). וויא געהטס גראף? זא פערטיעפט אין געדאנקען.

גראף: א פריינד מאקסים וויא געהטס?

מאקסים: גראף צו וועלכעם צוועקע האסט דוא מיך...

גראף: פיס... פאויל, דוא קאנסט שאן געהען. (פאויל אב) יעטצט קאנסט דוא פרייא רעדען.

מאקסים: צו וועלכעם צוועקע האסט דוא מיך רופען לאסען?

גראף: אום דיר צו זאגען דאס איך אונגליקליך בין, איך וויל דאס דוא מיר העלפען זאלסט.

מאקסים: וויא זאל איך דאס מיר ערקלערען. וואו איזט דאס פערמעגען וועלכעס דיר פאן דיינען ברודער צוריקגעבליעבען.

גראף: אלעס פערלומפט פערשוועגדעט אין קארטען פערשפיעלט. קור איך בין אונגליקליך.

מאקסים: האסט דוא ניכטס?

גראף: נאך וועניגער אלס ניכטס.

מאקסים: ווען עס זא איזט, זא פאדאם דאנוג. (וויל געהען)

גראף: וואהין געהסט דוא פריינד?

מאקסים: איך האב ניכט צייט איך מוז וועקגעהען, פאדאם דאנוג.

גראף: אבער העלפע מיר פריינד מאקסים.

מאקסים: זאל דיר גאט העלפען.

גראף: הייכלער.

מאקסים: יא הייכלער זאל מאן הייסען, אונד מיט געלד זאל מאן שמייסען, פאדאם דאנוג. זאל דיר גאט העלפען.

גראף: אָבער בלייבע דאך פריינד, דען עס גיעבט אויך עטוואס פיר דיך, פריינד מאקסים.

מאקסים: אונד ווארום האסט דוא עס מיר פריהער ניכט געזאגט דאס עס אויך עטוואס פיר מיך גיעבט?

גראף: דוא האסט יא ניכט צייט האסט דוא געזאגט.

מאקסים: איך האב יא צייט. וואס טהוט מאן דען ניכט אום איינען זאלכען פריינדען צו העלפען. (ער זעטצט זיך)

גראף: דוא ווייסט יא פריינד, דאס דאס גאנצע פערמעגען וועלכעס מיין ברודער צוריק ליעס, האבע איך ניכט בעקאמען, ווייל דיא אנדערע העלפטע האט ער אויף זיינעם קינדע איבערשריעבען. דיעזעס קינד איזט קוים איין יאהר אלט אונד זעהר קרענקליך. איך דאכטע דאס עס ניכט לאנגע לעבען ווירד, נור ליידער.

מאקסים: קרענקעלט עס אונד לעבט דענאך.

גראף: אונד דער טייפעל ווייס וויא לאנגע עס נאך לעבען ווירד פריינד מאקסים שאפע מיר איינען ראטה וויא פאם קינדע לאז צו ווערדען. דאן ווערדע איך דיך גליקליך מאכען.

מאקסים: איינען ראטה... דען האבע איך שאן, הערע גראף באלד קאמט דער יודישער פסח ווערדען וויר דאס קינד ערמארדען אונד דאס דען יודען אונטערשיעבען אונד דאס פעהבעל איזט עס שאן לענגסט איינגעבילדעט, דאס דיא יודען ברויכען קריסטען בלוט צו איהרע מצות, זא ווירד עס אונז געלונגען פאם קינדע לאז צו ווערדען, אונד דער פערדאכט ווירד אויף דיא יודען פאלען.

גראף: יא דיין פלאן געפעלט מיר, אבער איך פירכטע דאס עס ווירד אונז ניכט געלונגען.

מאקסים: ווארום דען?

גראף: ווייל דער יודישער דאקטאר דאניאל איזט ביים קעניג זא בעליעבט, אונד האט שאן פיעלע מאל זיינע ברידער אין שוטץ גענאמען, אונד ווירד עס אויך יעטצט טהון.

מאקסים: זא זוכען וויר איין מיטעל וויא דען יודישען דאקטאר ביים קעניג שווארץ צו מאכען.

גראף: וויא זא דען? ווען דער קעניג איהם זא ליעבט.

**מאכסים:** וואַרְטֶע נור גְרַאף, פְאויל וואר דָאךְ אין פויזֶען, אונד וואס בְּרִינְגְט עֶר פָאן דָארְט.

**גראף:** פְאויל, פְאויל! (פאויל ערשיינט פערנייגט זיך)

**מאכסים:** פאויל זָא דוּא קָאמְסְט יֶעטְצְט פָאן פויזֶען? (יא) וואס מַאכְט דָארְט דֶער יוּדִישֶׁער דָאקְטָאר?

**פאויל:** וָואס טְהוּט אַ יוּד, עֶר הָאט חֲתוּנָה.

**מאכסים:** זָא עֶר הַאט יֶעטְצְט מִיט דִיא הַאתּוּנוֹת, גוּט זֶעהר גוּט, דוּא הֶערְסְט גְרַאף עֶר הַייראַטְעט יֶעטְצְט, עֶר ווירְד וואַהרשיינליךְ נִיכְט זָא שְׁנֶעל קָאמֶען, יֶעטְצְט איז צייט, יֶעטְצְט אָדער נִימֶער מֶעהר. זַאגֶע מִיר פְּאויל מֵיין זָאהְן, דֶענְקְסְט דוּא נָאךְ אַן דֵיינֶע גֶעוועזֶענֶע גְלויבֶּענְס בְּרִידֶער דִיא יוּדֶען?

**פאויל:** דִיא יוּדֶען? אךְ וָוען אִיךְ זָאל זֵייא קֶענֶען אִין אֵיין לֶעפֶעל וואַסֶער דֶערְטְרִינְקֶען וָואלְט אִיךְ עֶס גֶעטְהוּן.

**מאכסים:** בְּרַאוָוא זֶעהר גוּט בְּרַאוָוא, זָאגֶע מִיר פְּאויל מֵיין זָאהְן, נִיכְט וואהר, דַאס דִיא יוּדֶען בְּרוֹיכֶען קְרִיסְטֶען בְּלוּט צוּ אִיהרֶע מַצוֹת נִיכְט וואהר? זַאגֶע יַא, זַאגֶע יַא מֵיין גוּטֶער זָאהְן.

**פאויל:** יַא יַא.

**מאכסים:** אוּנְד וָוען עֶס פָאר דַאס גֶערִיכְט פֶארְקָאמֶען ווירְד, ווירְסְט דוּא אוֹיךְ זָא זַאגֶען?

**פאויל:** פָאר דַאס גֶערִיכְט?

**מאכסים:** יַא יַא זַאגֶע יַא מֵיין טְהֵייעֶרֶער זִיסֶער זָאהְן. וָועסְט דוּא זָא זַאגֶען. יַא יַא, פְאויל מֵיין זָאהְן.

**פאויל:** יַא אִיךְ ווֶערְדֶע זָא זַאגֶען.

**מאכסים:** בְּרַאוָוא בְּרַאוָוא, מֵיין גוּטֶער זָאהְן, יֶעטְצְט זֶעה אִיךְ דַאס דוּא אֵיין עֶהְרְלִיכֶער מַאן בִּיזְט.

**פאויל:** דִיא נְשָׁמָה זָאל אִיהם אַזוֹי עֶהְרְלִיךְ אוֹיסְגֶעהְן, וויא עֶהְרְלִיךְ אִיךְ בִּין.

**מאכסים:** זִיעֶהְסְט דוּא גְרַאף עֶס ווירְד גֶעהְן.

**גראף:** נוּן גוּט. נוּן פְאויל דוּא קַאנְסְט שָׁאן גֶעהֶען. (פאויל אב, פאויל בעלוישט זייער געשפרעך)

**מאכסים:** נוּן עֶס גֶעהְט וויא גֶעשְׁמִיעֶרְט.

**גראף:** יא פריינד מאקסים ווען דוא עס אויספיהרסט, דאן ווערדע איך דיך גליקליך מאכען. איינסטווייל אדיע פריינד מאקסים. (וויל געהען)

**מאקסים:** ווארטע נור גראף, ווארטע, וואמיט קאן איך זיכער זיין דאס איך דאן מיין עהרליך פערדיענטען לאהן בעקאמען ווערדע.

**גראף:** דאן געבע איך דיר מיין עהרען ווארט.

**מאקסים:** וואס האבע איך פאן עהרען ווארט. עס ווערע בעסער האסט דוא שרייבצייג?

**גראף:** וואצו ברויכסט דוא שרייבצייג?

**מאקסים:** דוא ווירסט שאן זעהען.

**גראף:** מיינעט וועגען. פאויל! (פאויל ערשיינט) ברינג העהר שרייבצייג פאפיער קאווערטס. (פאויל אב)

**מאקסים:** דוא ווירסט שאן זעהען. עס ווירד גוט זיין. דוא ווירסט נאך אמאל ערשטער מיניסטער ווערדען. גאט וועט העלפען.

**גראף:** אונד ווען גאט ווירד ניכט העלפען.

**מאקסים:** דאן ווירד דער טייפעל העלפען. (פאויל ברינגט אלעס וואס מען האט איהם געהייסען).

**מאקסים:** יעטצט פאויל מיין זאהן קאנסט דוא שאן געהען, דוא ביזט פרייא. (פאויל אב אונ בעלוישט זייא וויערער). יעטצט מיין ליעבער גראף זעטצע דיך הין אונד שרייבע.

**גראף:** וואס זאל איך שרייבען?

**מאקסים:** שרייבע וויא איך דיר דיקטירע (ער זעטצט זיך שרייבען) איך ענדעס געפערטיגטער גראף סטאניסלאוו יאבלאנאוויטש. האלסט דוא שאן ביים יאבלאנאוויטש?

**גראף:** יא פריינד.

**מאקסים:** יאבלאנאוויטש. בעקענע היערמיט, דאס... איך מיינעם ברודערס קינד זעלבסט ערמארדעט האבע.

**גראף:** וואס, צום טייפעל ביזט דוא פעררי‏קט. איך זעלבסט מיינעם ברודערס קינד ערמארדעט. ביזט דוא פעררי‏קט?

**מאקסים:** ניכט פעררי‏קט זאנדערן פארזיכטיג שרייבע נור וייטער.

**גראף:** עס פעלט מיר גאר ניכט איין זא וואס צו שרייבען.

**מאקסים:** שרייבע נור דוא ווירסט שאן דאס פערטיגע זעהען.

גראף: נון גוט דיקטירע נור ווייטער.

מאקסים: האסט דוא שאן ערמארדעט אויפגעשריעבען?

גראף: נאך ניכט (שרייבט) וועלכסט ערמארדעט.

מאקסים: אום דיא ערבשאפט צו בעקאמען, זא זא בעקאמען! אונד. אום מיך פאן פערדאכט ריין צו וואשען. האסט דוא שאן געוואשען גראף?

גראף: נאך ניכט לויפע ניכט זא שנעל. צום טייפעל.

מאקסים: אבער איין גראף מוס שנעלער צום טייפעל שרייבען קענען. וואשען. האבע איך עס דען יודען אונטערשאבען. נון האסט דוא שאן אונטערשאבען.

גראף: שאן פערטיג...

מאקסים: (קיקט הערייך) יא שאבען. יעטצט מיין ליעבער גראף אונטער־שרייבע דיינען נאמען.

גראף: וואס מיינען נאמען? ח. ח. ח. עס פאלט מיר גאר ניכט איין מיינען נאמען אונטערשרייבען.

מאקסים: אבער עס קאן יא אנדערס ניכט זיין. אונטערשרייבע, אונד דאס פאפיער נעהמע איך צו מיר. ווירסט דוא מיר מיינען עהרליך פערדיענטען טהייל געבען, דאן קריעגסט דוא דאס פאפיער צוריק. זאנסט ווייסט דוא מיין פריינד וואס איך מיט דיעזען פאפיערע מאכען קאן. נון גראף אונטערשרייבע דאס פאפיער, אדער דוא ווילסט איין קבצן פיר ווייטער בלייבען.

גראף: יא איך אונטערשרייבע. (ער שרייבט)

פאויל: שאנדע באנדער זייט דיא כפרה איינס פאר דאס אנדער.

גראף: נון האסט דוא דאס פאפיער פריינד. אדיע איך מוס צום קעניג געהען. אדיע פריינד מאקסים. (אב)

מאקסים: (לעזט דורך דאס פאפיער) בראווא. זעהר גוט. ביזט דוא פערריקט האט ער געזאגט, ניין נאך לאנגע ניכט נור פארזיכטיג (ער לייגט עס אין איין קאווערטע אונ וויל עס העריין לעגען היינטען אין שלוסראק קעשענע. פאויל שטעלט אונטער דיא האנד אונ נעהמט עס ארויס).

מאקסים: ניכט פערריקט זאנדערן פארזיכטיג. קאפף מוס מאן האבען. (אב)

פאויל: יא הענד מוז מען האבען הענטעלעך מוז מען האבען, דאס איז תמיד אזויא אז צוויא הינד שלאגען זיך איבער א שטיק פלייש אזויא

קומט דער 3-טער און חאפּט עם נאר אויס. א מכּה דיר פריינד מאקסים דוא ווילסט נאר אזא גוטען ביסען געניעסען? ניין איך וועל דאס פּאפּיער בעסער אבהיטען וויא דער פּאפּא מאקסים. מיר וועט געבער צונוטץ קומען מיך וועט עם פון אלע נויטען: ארויסשלעפּען. נאר אום זיכער צו זיין טהוען מיר יודען אזויא. מיר וועלען אריין לעגען א לעדיגען בויגען פּאפּיער אין דער קאווערטע און איהם אויף דער ערד אניעדער לעגען. און אז דער ריכטער מאקסים וועט קומען זאל ער דאך א לעדיגען בויגען געפינען. (מיט דיא רייד געשיעהט עס. מען הערט איהם שרייען און לויפען) ביא נאט ער קומט! לעבען זאל מיין גמרא קעפּעלע. (אב)

מאקסים: (ערשיינט) א וועה איך האבע מיינען שאטץ מיין פערמעגען פערלארען. א וועה ווא קאן דאס זיין? (ער זוכט און געפינט) גאט זייא דאנק איך האבע דיך געפונדען. איך ווערדע דיך וויא מיין אויג אפּפּעל אבהיטען. קאממע מיין טהייערער שאטץ. (אב)

פאייל: האלט דיך ריכטער מאקסים. האלט דיך ריכטער מאקסים. האלט דיך מיט דעם לעדיגען בויגען פּאפּיער. דער טהייערער שאטץ איז ביא מיר און א מכּה דיר. (מיט דיא ווערטער רייכט ער דיא גאנצע ביהנע אב, דעם טיש מיט דיא זעסעל)

## פערוואנדלונג.

(קעניגליכער סאלאן פיעלע פּאליאקען זענען פערזאמעלט. אויפטריט גראף און מאקסים).

גראף: גוטען טאג מיינע העררשאפטען. איזט דער דאקטאר דאניאל שאן צוריק?

איינער: שאן זייט איניגע שטונדען. ער שפּאציערט מיט דעם קעניג אין גארטען.

גראף: דוא הערסט פריינד ער שפּאציערט מיט דעם קעניג אין גארטען פערפלוכט....

מאקסים: נאר ניכט אויפגערעגט, גאט וויר'ד העלפען.

איינער: דא קאמט ער. (דאניאל ערשיינט)

אלע: וויר גראטוליערען הערר דאקטאר!

דאניאל: איך דאנקע מיינע פריינדע.

גראף: (רייכט איהם דיא האנד) איך גראטוליערע צו איהרער פערמעהלונג הערר דאקטאר.

דאניאל: מיין פערבינדליכסטען דאנק הערר גראף.

גראף: ווארום האבען זיא איהרע פרויא ניכט מיטגעבראכט.

דאניאל: וואצו דען הערר גראף?

גראף: איך מעכטע זעהען וועלכען געשמאק זיא האבען.

דאניאל: איך גלויבע הערר גראף איינען זעהר גוטען, דען מיינע פרויא איזט שען קלוג אונד עדעל.

גראף: אויך עדעל? ה. ה. ה. אויך עדעל.

דאניאל: ווארום לאכען זיא הערר גראף.

גראף: הערעט מיינע העררשאפטען דער הערר דאקטאר האט זיך איינע יידען צור פרויא ערוועהלט אונד בעהויפטעט דאס זיינע פרויא אויך אדעליג איזט. שען קלוג קאן וואהל זיין אבער עדעל...

מארסים: נאך לאנגע ניכט.

דאניאל: הערר גראף איך גלויבע דאס מיינע פרויא עבען זא אדעליג איזט וויא אלע פאלנישע עדעל דאמען.

גראף: יודע דוא האסט דאמיט דען גאנצען פאלנישען אדעל בעלייריגט. ציעהע דיין ווארט צוריק.

דאניאל: ניעמאלס, איך בלייבע ביי מיינער בעהויפטונג. (טראמפעטען שאל)

איינער: דער קעניג קאמט.

קעניג: (ערשיינט) וואס וואר היער פיר איין לערם?

גראף: מאיעסטעט דער דאקטאר דאניאל ערלויבטע זיך אויסצודריקען דאס זיינע פרויא עבען זא אדעליג איזט וויא אלע אונזערע עדער דאמען, אונד איך גלויבע דאמיט האט ער אונזערען גאנצען אדעל בעליידיגט

קעניג: ווען מיין גוטער דאניאל דאס מיט בעשטימטהייט זאגט, זא איזט קיין צווייפעל דאס ער אין זיינער בעהויפטונג פאלקאמען רעכט האט.

גראף: אבער מאיעסטעט, וויר מיססען אונז צוערסט פאן איהרען אדעל איבערצייגען.

קעניג: האסט דוא אורזאכע דאראן צו צווייפלען?

גראף: יאוואהל מאיעסטעט.

דאניאל: הערר גראף זיא האבען מיינע פרויא נאך ניע געזעהען.

גראף: נאך ניע דיא עהרע געהאבט.

מאקסים: (פייר זיך) ניע דיא פערפלוכטע עהרע געהאבט.

דאניאל: אלזא וואס גיעבט איהנען אורזאכע דאראן צו צווייפלען, הערר גראף.

גראף: ווייל דער אומגאנג מיט דען יידישען פרויען געשלעכט האט מיר גענוג צייט געגעבען זיא אלע פיר שוואך אונד לייכט ווניג קענען צו לערנען.

קעניג: אלע זאגסט דוא גראף?

גראף: יאוואהל מאיעסטעט אהנע אויסנאהמע. ווען מאיעסטעט מיר ערלויבען ווירד איינע וועטע אויסצושלאגען, דאס דיעזעס ווייב וועלכעס דער דאקטאר זיך ערלויבטע צום פאלנישען אדעל צו פערגלייכען, קאן איך וועטען דאס בינען 2 מאנאטע זיא פיר מיינע מעטרעסע צו געווינען.

קעניג: גראף דוא וואגסט צו פיעל.

גראף: אונד ווען איך זיא פיר מיינע מעטרעסע ניכט געווינע זא זאל איך מיינען קאפף פערליערען.

קעניג: נון וואס האט מיין גוטער דאניאל דארויף צו זאגען?

דאניאל: מאיעסטעט וויא עס דיא רעדע איזט פאן עהרליך פראם אונד גוט זא קאן דיא יודישע נאציאן מיט איהרע פרויען עבען זא שטאלציערען גראדע ווי אלע אנדערע נאציאנען.

גראף: זא שטעלע דיינע פרויא אויף דיא פראבע.

דאניאל: איך ווערדע ניכט אמאל מיט איינעם געדאנקע מיינע פרויא בעליידיגען לאססען.

גראף: יודע אונד גלויבסט דוא דאס וויר אונזערען אדעל יא בעליידיגען לאססען? ענטוועדער שטעלע דיינע פרויא אויף דיא פראבע אדער ציעהע דיין ווארט צוריק.

דאניאל: מיין ווארט צוריק ציעהען ניעמאלס.

קעניג: דאניעל גלויבסט דוא אן דיא טרייע דיינער פרויא.

דאניאל: יאוואהל מאיעסטעט זיא אן גאט.

קעניג: זא געבע דיינען געגנער דיא געלעגענהייט זיך צו איבערצייגען, דאס וואס דוא בעהויפטעסט וואהר איזט.

דאניאל: מאיעסטעט איך אונטערווערפע מיך דיינעם בעפעהלע. העֶרר גראף דיא וועטע גילט, אבער ווער דיא וועטע פערליערט דער פערליערט אויך זיין לעבען!

קעניג: האלט ווען עס איין דועל אויף טאדט אונד לעבען, זא ערלויבע איך ניכט, אבער ווער דיא וועטע פערליערט? פערליערט ראנג טיטעל אונד פערמעגען אונד דארף ניע פאר מיינע אויגען ערשיינען.

דאניאל: צו פריעדען!

גראף: עס גילט.

קעניג: זא רייכט אייך דיא הענדע! (זייא רייכען זיךביידע דיא הענד, מאקסים וויישט דעם גראפען דיא האנד אבער ניעמאנד בעמערקטע דאס).

קעניג: נון האט נאך יעמאנד פאן אייך איינע בעדינגונג?

גראף: יאוואהל מאיעסטעט. איך וויל דען אנטראג שטעלען, דאס מיין געגנער זיך פערפפליכטען זאל וועהרענד דיא גאנצען 2 מאנאטען וועדער נאך הויזע וויא אויך אן זיינע פערוואנדטע צו שרייבען דאמיט זיא ניכט געווארענט ווירד.

דאניאל: עס גילט.

גראף: יעטצט איהרע אדרעססע העֶרר דאקטאר.

דאניאל: ביטע העֶרר גראף. (גיעבט איהם איינע וויזיט קארטע)

גראף: נאך איינעם מיין קעניג. איך מעכט ביטען דאס, דאס אלעס ביז דיא וועטע ניכט פאראיבער זייא געהיים בלייבען זאל.

קעניג: דאן שווערעט.

אלע: וויר שווערען.

קעניג: אלע זייט יעטצט בערייט מיר צו שווערען.

אלע: אך וויר שווערען יא וויא געהערען,
הייליג האלטען וויר דען שוואער יא.

קעניג. שווערט מיר אויף דען ארט, אויף אייער עהרען ווארט.

קאר: אך וויר שווערען יא וויא געהערען.
איין געהיימניס דיעזע וועטע,
הייליג האלטען וויר דען שוואער יא.

קעניג: ווער זיין ווארט ניכט העלט וואס האט געגעבען.
פערליערט זיין פערמעגען.
זא שווערעט מיר אויף דיעזען ארט אויף אייער עהרען ווארט.

קאר: יא יא, וויר שווערען, פאם הערצען גערן.

קעניג: גערען שווערט.

קאר: וויר שווערען יא וויר שווערען יא. (דאס געהט אלעס צוזאמען)

**דאניאל:**
בליהמע מיינע.
יא דיא ריינע.
עוויג טרייא
בלייבט זיא נור מיר.
פראמע טויבע
יא איך גלויבע
עוויג טרויען
ווערדע איך איהר.

**מענער:**
דער גראף געווינט יא.
— — — — — — — —
יא ער געווינט יא
וויר ווערדען זעהען
יא.
דער גראף יא
יא . . .
— — — — — — — —

**דאמען:**
ניין ניין.
— — — — — — — —
וויר ווערדען זעהען.
— — — — — — — —
ניין.
דער גראף ניין.
ניין.
— — — — — — — —

**קעניג:**
איך גלויב
דער זיעג
דער איזט מיט דיר
דיא וואהרהייט וויררד
נור זיעגען איהר
יא יא דיא אונשולד
טריאומפפיערט.

**דאניאל:**
(זינגט דיא זעלבע ווארטע וואס דער קעניג זאנדערן; דער קעניג זינגט אויף דער 2-טער פערזאן און דאניאל אויף זיך אליין)
דער ריינער וואהרהייט אימער גליקט.
אונד איהר פערפאלגער אימער נור פערליערט.
מיט גאטעס הילף יא יא דיא אונשולד זיעגט.
גאט שיטצע זיא אונד היטע זיא.

— — — — — — — —

**קעניג:**
שטילער רוהיג
שיטצע דיא אונשולד גאט
שיטצע אונד היטע
זיא פאן נאטה.
שיטצע גאט דיא אונשולד
פאן געפאהר.

**מענער:**
קאר: ער געווינט
— — — — — — — —
ער געווינט
— — — — — — — —
ער געווינט יא
— — — — — — — —
— — — — — — — —

**דאמען:**
קאר: וויר וועטען } ביס
— — — — — — — —
וויר וועטען } ביס
— — — — — — — —
ניין ניין.
— — — — — — — —
— — — — — — — —

— — — — — — — — — — —

**דאניאל:**
וָוער עָם וִוירְד טְרִיאוּמְפְּפִיעְרֶען
דַאס וָוערְדֶען וִויר שְׁפֶּעטֶער זְעהֶען
— — — — — — — — — — —
זָא וִויא אֵיין עֶנְגֶעל, זָא אוּנְשׁוּלְדִיג
אִיזְט מֵיינֶע פְרוֹיא
עֲווִיג טְרֵייא בְּלֵייבְּט זִיא מִיר.
עֶווִיג טְרוֹיעֶן וָוערְדֶע אִיךְ
נוּר אִיהְר.

**מענגער קאָר:**
וָוער עָס זִיעגְט
— — — — — — — —
— — — — — — — —
וָוער זִיעגְט
— — — — — — — —
— — — — — — — —
— — — — — — — —
— — — — — — — —
— — — — — — — —

**דאמען קאר:**
וָוערְדֶען וִויר זֶעהֶען
— — — — — — — —
— — — — — — — —
וָוערְדֶען וִויר זֶעהֶען.
— — — — — — — —
— — — — — — — —
— — — — — — — —
— — — — — — — —
— — — — — — — —

**קעניג:**
שִׁיטְצֶע גָאט
זִיא פָאן נָאטְה
רֶעטֶע זִיא
פָאן גֶעפָאהְר
פְרָאמֶע טוּיבֶע
יַא אִיךְ גְלוֹיבֶע
דִיר גֶעשְׁוָואהְרֶען
טְרֵייעֶ
בֵּיים אַלְטַאר.

**דאניאל:**
בְּלִיהְמֶע מֵיינֶע
— — — — — —
— — — — — —
— — — — — —
— — — — — —
— — — — — —
— — — — — —
— — — — — —
— — — — — —

**מענגער:**
דֶער גְרַאף
גֶעווִינְט יַא
— — — — — —
— — — — — —
— — — — — —
— — — — — —
— — — — — —
— — — — — —
— — — — — —

**דאמען:**
— — — — — —
נֵיין.
— — — — — —
— — — — — —
— — — — — —
— — — — — —
— — — — — —
— — — — — —
— — — — — —
ביס

**דאניאל:** עֲווִיג טְרֵייא עֶווִיג טְרֵייא בְּלֵייבְּט זִיא מִיר.

**קעניג:** עֲווִיג טְרֵייא

**דאניאל:** עֲווִיג טְרֵייא

**מענגער:** (צום גראף) גֶעה מִיט גָאט

**דאמען:** עֶווִיג טְרֵייא.

ענדע דעם ערסטען אַקטעס.

## II. אַקְט

(שטעלט פאַר אַ צימער. בליהמעלע ערשיינט. דיא מוזיק שפּיעלט מעלאָדראַמאַ דיא מעלאָדיע פון ווײנע ניכט.)

**בליהמעלע:** שאָן בּאַלד אַכט טאָגע זייט מיין דאַניאל איזט צום קעניג געפאָהרען אונד איך האַבּע פאָן איהם נאָך קיין שרייבּען ערהאַלטען וואָס זאָל בּעדייטען זיין שטילשווייגען.

**פאויל:** (ערשיינט) א בּליהמעלע?

**בליהמעלע:** בּערעלע וואָס טהוסטו דאָ?

**פאויל:** אַך בּליהמעלע אונגליקליכּעס בּליהמעלע בּעדויערינס ווערטהע בּליהמעלע.

**בליהמעלע:** וואָס! דוא בּעדויערסט מיך? וויא זאָל איך עס מיר ערקלעהרען?

**פאויל:** דיין דאַניאַל האָט דיך פערלאָסען פערגעסען וויל פאָן דיר ניכט מעהר וויסען. ער האָט זיך אַן איינע פאָן דיא הויף דאַמען פערליעבּט אונד איזט דיר גאַנץ פאַלש געוואָרען.

**בליהמעלע:** שוויי: דוא משומד איך ערווערגע דיך.

**פאויל:** הַ. הַ. הַ. אַציגד זעה איך אַז דוא בּיזט איהם טאַקי אין רעכטען אמת געטרייא. דאַניאַל האָט מיר געהייסען דיר אזויא זאָגען, ווייל ער וויל זיך דיינער טרייע איבּערציינגען...

**בליהמעלע:** שווייגע דוא ניעדערטרעכטיגער הונד. וועהם זוכסט דוא היער וועהם פערלאַנגסט דוא.

**פאויל:** אַבּער בּליהמעלע לאָז מיך אויסרעדען.

**בליהמעלע:** נענוג דוא משימאַדסקע פּנים. פלוך מיינע אָהרען וואָס האָבּען דיך אזויא פיעל אויסגעהערט. יעטצט זעה איך אַז דוא בּיזט טאַקי איין אמתער פערשאָלטענער משומד.

**פאויל:** אַבּער הער מיך אוים דעם אמת בּליהמעלע.

**בליהמעלע:** דער אמת איז פון דיר אזויא וויט וויא דוא פון דעם יודענטהום. מאַרש הינוים דוא ניעדערטרעכטיגער משומד.

**פאויל:** איך וויל מיינע שוועסטער זעהען.

**בלידהמעלע:** איך געה דיר אריין שיקען דיינע שוועסטער אונ הענג דיך מיט איהר אויף צוזאמען משומד. (אב)

**פאויל:** ווער עס איז מיר מקנא דער מעג אויף מיין שטייגער איבערקומען. איך פיהל מיך עפים אזויא וויא האלב פיש אונ האלב מענש, דיא העלפטע קאן אין וואסער נישט לעבען, אונ דיא אנדערע העלפטע קאן אין לופט נישט לעבען. א כלל איך בין אויף געהאקטע צרות איך בין א פאלעוועגע יוד אונ חצי גוי, דארט קען מען מיך נישט ליידען ווייל איך בין א געטויפטער יודע, אונ דא קען מען מיך נישט ליידען ווייל איך בין א משומד. דאס הייסט איך בין נישט מעהר וויא איין האלבער מענש, אבער ווארט דער האלבער מענש וועט זיך מיט אייך אברעכענען וויא עס קעהערט צו זיין.

**מרים:** (ערשיינט) בערעלע וואס טהוסט דוא דא?

**פאויל.** שוועסטער מיינע טהייערע. (וויל זיא אומארמען)

**מרים:** וועק וועק פון מיר.

**פאויל:** וויא זאל איך עס פערשטעהען, איין ברודער דארף זיינע שוועסטער נישט אומארמען?

**מרים:** בערעלע ביזט דוא נאך מיין ברודער?

**פאויל:** יא שוועסטער. זייער ברודער בין איך נישט מעהר אבער דיין ברודער בין איך אונד בלייבע ביז אין מיין טויט.

**מרים:** בערעלע וואס ביזט דוא געקומען מיר נאך מעהר מיין פנים צו פערשווארצען.

**פאויל:** איך בין געקומען דיר צו העלפען.

**מרים:** מיר העלפען, שוין צו שפעט.

**פאויל:** שוועסטערל מיר ביידע ליידען אויף איין קרענק מיין קרענק איז בליהמעלע אונ דיין קרענק איז דאניאל.

**מרים:** שווייגע ביזט דוא נאך געקומען מיר שיטען זאלץ אויף מיינע ווינדען. נישט גענוג דוא האסט מיר אן געטהון אזא בושה ביזט דוא נאך געקומען. אונזערע עלטערן קענען דורך דיר רוהיג אין זייערע קברים נישט איין ליגען, זעה בערעלע וואס דוא האסט פון דיר געמאכט.

**פאַיל:** נעה דוא רעדסט וויא א קינד, וואס האב איך אויס מיר געמאכט, איך בין דער וועלבער וואס איך האב בעדאַרפט ווערען. וועה בעסער מיין טהייער ושוועסטערל וואס פון דיר איז געוואָרען, אז דוא ביזט א טרייא יודיש קינד וואס האסט דוא דערפון. קוק דיך נור איין וואס פאר א פנים דוא האסט, וואו זענען ערגיץ דיינע שעהנע אויגען וואו זענען ערגיץ דיינע רויזען באקען, וואו ביזט דוא גאר אין גאנצען הין געקומען, געדענקסט דוא שוועסטערל ווען אונזער פאטער רבי געצל דער דין איז געשטארבען, וואס פאר א צווייא דיאמאנטענע קינדערלעך ער האט איבערגעלאזט, מיך האט בליהמעלעס פאטער אריינגענומען אין דער ישובה אריין, איך זאל דארט אלס כלי קודש׳ניק אויס שטודירען, דיך האט רבי ליפא שוחט צו זיך אלס איינען אריינ-גענומען. דוא ביזט אזוי צוזאמען מיט דאניאלען אויפגעצויגען געוואָרען אונ איך ביים ראש ישובה מיט בליהמעלען צוזאמען ואויפגעוואקסען, אונזער האפנונג איז נור געווען דוא אויף דאניאלען אונ איך אויף בליהמעלען, דערנאך אז איך בין עלטער געוואָרען בין איך דאך א ודאי קלוגער געוואָרען, איך האב נישט מעהר געוואלט אין דער ישובה דיא באנק קוועטשען האט מען מיך פערפאלגט. קהל האט זיך איינגעשפארט אז מיין טאטע געצל דער דין איז געשטארבען א קבצן, אזוי מוז איך א דין זיין אונ מוז אויך פגר׳ען א קבצן. איך האב אבער נישט געוואלט האט מען מיר געבראכען דיא ביינער אויף גאטס קאנטע. נאך ביז אין טויט אריין וועל איך געדענקען דיא חסידישע פעטש מיט דיא פאנטאפעל וואס איך האב אמאל אין א יום כפור אריינגעהאפט וואס איך האב נישט געקענט פאסטען, איך בין געוועזען אזוי הונגעריג אז דאס חיות איז מיר שיעור אויסגעגאנגען, אונ עס האט זיך נישט געפונען איין יוד ער זאל אויף מיר רחמנות האבען אונ מיר שענקען האטש א טרוקען שטיקל ברויט. אזוי האב איך דאך קיין אנדערע ברירה געהאט אונ געמוזט געהן צו א גוי אונ בייא א גוי האב איך דאך געמוזט טרפה׳ס עסען אונ דערצו נאך אהן א היטעל אונ אום געוואשען אונ אום געבענשט. נו נו איך קען מיר נאך היינט דיא ביינער פון דיא שלעק נישט אויסגלייכען. מען האט מיך צוקלאפט צובראכען וויא א וויינינגען עפעל. אונ נאך אלעמען האט מען מיר נאך

אַזאַ בּוּשָׁה אָנגעטהון מען האט דאך מיך אין קיַענע געשטעלט און אַלע האָבען מיר אין פּנים אַריין געשפּוּגען. נאך דאַמאַלס האָבּ איך געוואלט אויף אַלעם אַ שפּיי געבּען, ווייל איך האָבּ נאָך געהאפט אַז בליהמעלע זאל נאָך אַמאָל מיינע בּלייבּען, דער געדאַנק האט מיך נאָך בּיים יודענטהום געהאַלטען, אַבּער נאָכדעם ווען בּליהמעלעם פאָטער האט מיך פון דער ישובה אַרויסגעטריבּען ווייל איך האָבּ אַמאָל בּליהמעלען מיט געוואַלד אַ קוש געגעבּען און זיא האט מיר פאַר איבּעררַאשונג אין פּנים אַריין אָנגעשפּוּגען. נון האָבּ איך דאך געזעהען אַז דער טייפעל איזט אים שפּיעלע און בּליהמעלען קען איך נישט האָבּען, האָבּ איך גאַר אין גאַנצען דאס טעפעל סמעטענע איבּערגעקערט און בּין געוואָרען אַ משומד.

**מרים:** וואס זשע ווילסט דוא האָבּען פון מיר משומד? וואס בּיזט דוא נאך אַהער געקומען?

**פּאויל:** איך בּין דיר געקומען צוּ העלפען און דוא בּעליידיגסט מיך גאַר אַצינד ווען איך האָבּ געטראָפען דיא געלעגענהייט דייער בּונד צוּ צערַייסען ווילסט דוא מיך פערַיאַגען.

**מרים:** וואס האסט דוא געזאגט דייער בּונד צערַייסען? זיא זאל אידם נישט מעהר בּעזיצען?

**פּאויל:** יאָ שוועסטערל, עס איז דאָ אַ גראף וואס שיט מיט געלד מען זאל איהם פערשאפען מיט איהר אַפּאר ווערטער צוּ רעדען, אוּם ער זאל קענען זיא פיר זיך געווינען.

**מרים:** וויא אַזוי קען דאס זיין? האַלסט דוא בּליהמעלען פיר זאַ לייכט-זיניג? זייט דאַניאל איז אוועקגעפאהרען איז זיא נאך אויף דער ליכטיגער שיין נישט געוועזען.

**פּאויל:** אַז בּליהמעלע איז אַנשטענדיג דאָס ווייס איך אָבּער וויא אַזוי פיהרט מען זיא מיט דעם גראַפען צוזאַמען, דען פון דער בּעגעגנונג העננגט אונזער גליק אָבּ.

**מרים:** דער גראַף זאל זיא זעהען קענען איז אוּנמעגליך.

**פּאויל:** זעהסטוּ דאס אַרט מיך גאַנץ ווייניג וואס דער גראַף קען זיא נישט. מיינסט דוא אַז איך פערגין זיא נישט דאַניאַלען, ווייל איך זיא דעם גראַפען פערגינען. נון ער האט זיא נישט געזעהען און מעג זיא אויך

נישט דערלעבען צו זעהען. נור פֿיליייכט קענסט דוא מיר פֿערשאפֿען אזא זאך וואס איז בייא איהר טהייער עפּיס א מין פּרעזענט וואס דאניאל האט איהר געשענקט איך זאל דאס דעם גראפֿען געבען קענען.

**מרים:** זא וואס קען איך דיר פֿערשאפֿען דאניאל האט בליהמעלען צו דער פֿערלאבונג איין מעדאליאן געשענקט עס איזט איין זעלטענעס עקזעמ-פּלאר. געשווארען האט זי עס אויף איהרע ברוסט זא לאנגע צו טראגען זא לאנגע איהרע ליעבע צו איהם געדויערען ווירד אונ דאס זעלבע קען איך דיר פֿערשאפֿען.

**פאויל:** יא זעהר גוט. מיט דעם קען דער גראף דעם קעניג אונ אנדערע גלויבען מאכען אז בליהמעלע איז דאניאלען פֿאלש אבער פֿאר דאניאלען אליין איז דאס צו שוואכע בעווייזע דען ער ליעבט זיא צו זעהר ער זאל אויף דעם געוויכט לעגען.

**מרים:** טראכטען וויר נאך וואס אויף צושפּיעלען.

**פאויל:** שוועסטערל עס איז שוין דא. הערע אויס, איך וועל בייא נאכט צו דיר קומען אלס גראף געקליידעט. דוא זאלסט מיר פֿערשאפֿען צו בליהמעלען אינס שלאפֿצימער אריינצוקומען אונ ווען אלע ווערדען שוין שלאפֿען, זאלסט דוא שוועסטערל דאס אונשולדיגע ציערעלע ארויסרופֿען אין דרויסען ארויס אונ זאלסט מיט איהר ארויסשפּא-ציערען נעבען פֿענסטער פֿון בליהמעלעס שלאפֿצימער אונ איך וועל מיר אזוי לאנגזאם עפֿענען דאס פֿענסטער אונ וועל ארויסשפּרינגען, דוא זאלסט דיך דערשרעקען אונ ציערעלע דאס אונשולדיגע ציערעלע וועט עס דערזעהען וועט זיא זיך א ודאי דערשרעקען אונ באלד דארויף זאלסט דוא מיט ציערעלעס צייגענשאפֿט איהם א בריעף שרייבען. גלויב מיר אז דאס וועט איהם אין דער זיכערהייט ברענגען אז זיא איז איהם אין רעכטען אמת פֿאלש. גלויב מיר אז אפֿילו דער דין אליין ווען ער בעקומט אזעלכע צייגניסע פֿון זיין ווייב וואלט ער איהר באלד געגעבען גט אהן א כתובה.

**מרים:** יא דוא האסט רעכט ברודערל.

**פאויל:** אצינד בין איך שוין ווידער א ברודערל נישט קיין פֿערשאלטענער משומד?

מרים: פערצייהע מיר בערעלע, קום איך וועל דיר נאך באלד דאס מעדאליאן פערשאפען, דען זיא איז נאך נישט רעכט אנגעצויגען דאדורך ליעגט נאך איהר גאנצעם שמוק אויף דעם טיש. קום בערעלע מיין ברודער, האבען זייא אונז דאס לעבען אויף איינער קורצען צייט פערגיפטעט זאלען וויר איהנען דיא זעעלען אוים איהרען הערצען פיר אימער ארויסרייסען. (אב)

פאייל: בראווא שוועסטערל דוא ביזט נישט געטויפט, פונדעסטוועגען ביזט דוא א פארטיגע משומדעס. אך דיא שטונדע דער ראכע איזט ענדליך געקומען. (אב נאך איהר נאך).

## פערוואנדלונג

(איין וואלד אין גראז-באנק שטעהט לינקס פאס פובליקום אין ווינקעל)

יעגער קאר: פארווערטס פארווערטס מוטהיג אויף דיא יאגד
זינגען שפרינגען וויר אלע ברידער,
בים פארווערטס... מוטהיג אויף די יאגד
אונ דאביי זיך זינגען גאנץ שענע ליעדער.

מאכט דיא יאגד אונז פריידע
פערשאפט אונז העלדען טהאטען.
בים מאכט דיא יאגד אונז פריידע
אונז בראווא סאלדאטען.

פארווערטס, מוטהיג אויף דיא יאגד,
געהט דער יעגער אונ נישט פערצייגט.
אויף דיא יאגד... געהט נור ניכט פערצייגט.

(אלע אבמארשירען מען הערט איין שאס. דער קעניג ערשיינט, אין איין יעגער-קאסטום זעטצט זיך אויף דער גראז-באנק גאנץ מוטהלאז נאך איניגע סעקונדען).

קעניג: אך וויא מיסגעשטימט איך בין הייטע ניכט אמאל דיא יאגד קאן מיך מעהר צערשטרייען הייטע איזט דער לעטצטע טאג פאן דיא 2 מאנאטע אונד דער גראף איזט נאך ניכט צוריק זא איזט מעהר אלס זיכער דאס דאניאל בלייבט דער זיעגער גראדע וויא איך עס מיר ווינשטע אונד דאך ווארום בין איך זא מוטהלאז?

(זעליקל קומט אן זינגענדיג ער בליקט דעם קעניג אונ ער שרעקט).

קעניג: זִינְגְעַ נור ווייטער איך הערע עם גערנע.

זעליקל: נו נו וואס האב איך מיך צו שרעקען, אז דארט איז דאניאלם הויז איז דאך דא דאניאלם גארטען, און אז ער זיטצט ביי דאניאלען אין גארטען ווער ושעקער ער זיין אז נישט איינער פון דאניאלם משרתים. וואס ושע האב איך מיך צו שרעקען?

קעניג: טרעטע נעהער יונגע!

זעליקל: אבער איין אבגעמאכטע זאך, וויא א משרת מוז זיין איין עזות פנים. ממה נפשך א קשיה דוא דארפסט מיך קום צו מיר. נור דיא מעשה איז דאך אזוי, איך בין דאך ביי דיר אין גלות לאז מיינס איבערגעהן.

קעניג: זאגע האסט דוא מיך שוין אמאל געזעהען.

זעליקל: אונ אז נישט וואס האב איך דא אנגעווארען?

קעניג: וואס זאגסט דוא?

זעליקל: איך מיין וואס ביזט דוא ביי מיר פאר אזא מציאה?

קעניג: וואס?

זעליקל: אוי אוי וועה דער ערל פערשטעהט דאך נישט קיין ווארט יודיש איך וועל פרובירען צו איהם דייטש רעדען. איך מון וואס זונד זא ביי מיר אזא מעציאה.

קעניג: וואס ציאה?

זעליקל: אוי וואס טהוט מען? ער קען דאך נישט קיין ווארט דייטש אויך דער ערל. איך מון וואס זונד זא ביי מור פאר אזא מעציצא מעצויצא מעציעצא, אפשר וועסט דוא דאס פערשטעהען?

קעניג: זאגע צו וועם ביזט דוא געקאמען?

זעליקל: צו וועמען אז נישט צו דאניאלקלען, שוין 2 חדשים אז דאניאלקל האט אהיים נישט געשריעבען, זאזוי איז זיין פאטער רבי ליפא מיט מיר געקומען צו זעהען וואס ער טהוט, אזוי וויא דער אלטער איז נאך מיעד פון דער רייזע אזוי בין איך געלויפען דאניאליקלען דיא בשורה זאגען אז זיין טאטע איז געקומען.

קעניג: אונד דוא פערטרייבסט דיר דיא צייט מיט געזאנג דוא זינגסט זעהר היבש יונגע.

זעליקל: געפעלט עס דיר משרת לעבען, דאס איז מיינע אייגענע געדאנקען, מיינע אייגענע אינקוויזיציע.

קעניג: וואס קאמפאזיציאן מיינסט דוא? ניכט וואהר?

זעליקל: יא לאז זיין קאמפעדריציאן, אבי עס איז שען.

קעניג: ווילסט דוא מיר וואס פארזינגען יונגע?

זעליקל. אבער ווען איך וויל נישט וואס קענסטו מיר טהון?

העניג: אבער זינגע יונגע איך בעפעהל עס דיר!

זעליקל: אזוי אז דוא רעדסט מיט מיר מיט גוטען וועל איך דיר צוליעב טהון.

העניג: זינגע וואס שענעס פאר.

№ 1

זעליקל זינגט: א דאס יודעלע דעם קענען אלע,
פאר קליין אונ שוואך וואס איז ער גאר,
דאך שפיעלט ער דיא גרעסטע ראלע,
שוין זייט פיעלע טויזענד יאהר.
שונאים האבען שוין גאר אהן א צאהל
צו דערשטיקען איהם פראבירט
דאך בעגראבען זייא האט ישראל
אונ ער לעבט אונ עקזיסטירט.
וואס איהם פערשאפט?
האט אזא קראפט
ווייל בעשטענדיג איין ליעד זינגט דער יוד
מן המצר קראתי יה
ענני במרחב יה
ענני במרחב יה
וואס קענסטו מענשעלע מיר גאר טהון?
ווען גאט איז מיט יודעלען פון עוויג אן
איך לאך פון דיר
ווייל גאט איז מיט מיר.

№ 2

פַּרְעה הָאט אוֹיךְ פִּיעל יָאהר
גֶעבָּאדֶען זִיךְ אִין יוּדִישׁ בְּלוּט
אֵיינְגֶעשְׁפַּארְט הָאט עֶר זִיךְ גָאר
אוּנְז פְרֵייא לָאזֶען ווִיל עֶר נִיט.
אַ סוֹף הָאט עֶר גֶעהַאט ? מַכַּת בְּכוֹרוֹת
גָאט הָאט פוּן אִיהְם גֶעשְׁפֶּעט
יִשְׂרָאֵל דֶערְצֶעהְלְט עֶס הַיינְט אוֹיף דוֹר דוֹרוֹת
פֶּסַח אוֹיף דָעם הֵיסֵב בֶּעט.
וָואס אִיהְם פֶערְשַׁאפְּט ?
הָאט אַזַא קְרַאפְט
ווייל בֶּעשְׁטֶענְדִיג אַיין לִיעד
זִינְגְט דֶער יוּד :
מִן הַמֵּצַר קָרָאתִי יָהּ. א. ז. וו.

№ 3

אוּנְז אַמָאל הָאט גֶעווָאלְט עֶרְשְׁטִיקֶען
דֶער בֵּייזֶער הָמָן אוֹי אַ פְּלָאג
יוּדִישֶׁע גֶערְגֶעלֶעךְ גֶעווָאלְט אוֹיסְחִיקֶען
אַלֶע נֶעבֶּעךְ אִין אֵיין טָאג.
אַ סוֹף הָאט עֶר גֶעהַאט דֶער עֲמָלֵק,
גֶעהַאנְגֶען הָאט מֶען אִיהְם אָהן אַ רַעַשׁ.
אַ יָאהְרְצַייט הָאט נָאךְ אִיהְם הַיינְט יִשְׂרָאֵלִיק
אוּנ פֶערְבַּייסְט מִיט אַ הָמָן טַאשׁ.
וָואס אִיהְם פֶערְשַׁאפְט ?
הָאט אַזַא קְרַאפְט
ווייל בֶּעשְׁטֶענְדִיג אַיין לִיעד
זִינְגְט דֶער יוּד :
מִן הַמֵּצַר קָרָאתִי יָהּ. א. ז. וו.

קעניג : בְּרַאווָא יוּנְגֶע, יֶעטְצְט קָאנְסְט דוּא דִיר אַיינֶע שְׁטֶעלֶע אַלְס פארְבֶּעטֶער אַנְנֶעהְמֶען. אוּנד קָאנְסְט דִיךְ פָאר דֶער גַאנְצֶען וועלְט רִיהְמֶען, דַאס דוּא פָאר דֶען קֶענִיג הַאסְט גֶעזִינְגֶען. (אב)

**זעליקל:** וויא.. וויא.. וויא.. וואס האט ער גֶעזאגט? פאר א מֶלֶךְ האב איך
גֶעזיינֶגֶען נישט פאר אַ מְשָׁרֵת? וויא בּאלד אַזויא זעליקל זאג אָב דיא
ווידוי. דֶען אַ קְלֵיינִיגְקייט אַ מַלְכוּת. וויא אַזויא האבּ איך צוּ איהם
גֶערֶעדְט. וויא אַזויא בּין איך פאר איהם גֶעשְׁטאנֶען, וויא אַזויא האבּ איך
גֶעמאכט מיט דיא אויגֶען, מיט דיא הענד מיט דיא פִּיס. אוֹי ווֶעה!
ער גיט אַ ווינק מיט איין אויג אוּנ יִתְגַּדַּל וְיִתְקַדַּשׁ שְׁמֵיהּ רַבָּא אוּנ עֶס
איז איין עֶק פוּן זעליקלען. אבּער וואס בּין איך שוּלְדִיג עֶר האט דָאךְ
אַ פָּנִים וויא אַ פְּרָאסטֶער בָּשָׂר וָדָם. נֵיין דָאס איז קֵיין תֵּירוּץ נישט
מֶען מוּז דֶערְקֶענֶען אַ מִצְוָה אויף. נַא נַא... (שלאגט זיך אליין אין דיא באקען)
דוּא פְלֵייסְקֶעדְרִיגֶע דוּא זאלסט ווּיסֶען מיט ווֶעמֶען דוּא האסט צוּ רֶעדֶען.
אוֹי! עַל חֵטְא שֶׁחָטָאנוּ לְפָנֶיךָ בְּגִלּוּי עֲרָיוֹת.
״ ״ ״ ״ בְּגָלוּי וּבַסָּתֶר.
״ ״ ״ ״ בְּמַשָּׂא וּבְמַתָּן.
״ ״ ״ ״ בְּמַאֲכָל וּבְמִשְׁתֶּה.
״ ״ ״ ״ בְּנֶשֶׁךְ וּבְמַרְבִּית.
״ ״ ״ ״ בִּנְטִיַּת גָּרוֹן.
״ ״ ״ ״ בְּשִׂיחַ שִׂפְתוֹתֵינוּ.
״ ״ ״ ״ בְּעַזּוּת מֶצַח.
״ ״ ״ ״ בְּעֵינַיִם רָמוֹת.

(דאניאל ערשיינט דאבייא וויא ער קנאקט דעם על חטא, ער שרייט צו איהם
זעליקל, ער קוקט זיך נישט אום, נאר ער באכעט מיט דער האנד זיך אין
הארץ אונ דאניאלן אין הארץ, אונ ביים ועל כולם קוקט ער זיך אום).

וְעַל כּוּלָם אֱלוֹהַּ סְלִיחוֹת, סְלַח לָנוּ מְחַל לָנוּ אוֹי ווֶעה דַאנִיאֶלִיקְל כַּפֶּר לָנוּ.
דַאנִיאֶלִיקְל רֶעטֶע שְׁנֶעל אַ יוּדִישׁ נְשָׁמָהקֶעלֶע. זֶעה נָאר ווֶער גֶעהט
דָארְטֶען?

**דאניאל:** ווער דָארטֶען גֶעהט? דֶער קֶענִיג.

**זעליקל:** אוֹי ווֶעה איז מִיר, אָשַׁמְנוּ בָּגַדְנוּ גָּזַלְנוּ דִּבַּרְנוּ דוֹפִי א. ז. וו.

**דאניאל:** אבּער זעליקל וואס איז גֶעשֶׁעהֶען? האסטוּ מיט דֶעם קֶענִיג
גֶעשְׁפְּרָאכֶען.

**זעליקל:** וואס האבּ איך גֶעוואלט טהוּן אז איך האבּ נישט גֶעוואוּסט צִי עֶר
איז אַ מֶלֶךְ. עֶר האט דָאךְ אַ פָּנִים וויא אַ פְּרָאסטֶער בָּשָׂר וָדָם.

**דאניאל:** האסט דוּא מיט איהם גֶעשְׁפְּרָאכֶען?

**זעליקל:** ער האט מיך געדילד. ועל כולם אלוה סליחות סלח לנו מחל לנו. האב איך איהם געדילד כפר לנו.

**דאניאל:** פירכטע ניכט זעליקל דען דער קעניג איזט איין זעהר גוטער מענש אונד זוכט אימער אין אונזער קאנט צו בלייבען. אבער זאגע מיר זעליקל וואס מאכסט דוא היער? וואס טהוסט דוא דא.

**זעליקל:** וואס הייסט איך און דיין פאטער רבי ליפע.

**דאניאל:** וואס מיין פאטער? ווא איזט מיין פאטער?

**זעליקל:** ער איז מיעד פון דער נסיעה האט ער מיך אהער געשיקט.

**דאניאל:** אך מיין גוטער פאטער מיינע געליעבטע פרויא וויא האבט איהר שווער ליידען מיסען דורך מיין שטילשווייגען.

**זעליקל:** יא טאקי אין דער אמת'ן פאר וואס האסט דוא נישט געשריעבען. דוא האסט נישט געהאט קיין 2 קרייצער אויף א קארטעל, האסט דוא מיר געזאלט שרייבען א בריעף אז דוא האסט נישט קיין 2 קרייצער אויף א קארטעל, וואלט איך דיר געוועז געשיקט 2 קרייצער וואלסט דוא שוין געוועז געהאט אויף א קארטעל.

**דאניאל:** אך זעליקל הייטע איזט דער לעטצטער טאג אן וועלכען וויר ווערדען איבער דען גרעסטען שונא ישראל טריאומפפירען, קאמע. (מאן הערט הינטער דיא קוליססען רופען שרייען האך לעבע גראף יאבלאנאוויטש מאן הערט האך) וואס הערע איך? וואס זעה איך? דאס פאלק טראגט דען גראפען אויף הענדען, אונד בעגריעסען איהם מיט יובעל אונד געזאנג. זאל ער פילייכט דיא וועטע געווינען האבען? אבער ניין איך דארף מיינע בליהמעלע זאגאר מיט איינעם געדאנקע ניכט בעליידיגען לאסען, דא זיא איזט אבער יעדען פערדאכט ערהאבען. געה זעליקל זאגע דען פאטער דאס איך קאמע באלד. איך מוס היער בלייבען. דען איך ערווארטע היער מיינען טאדעס פיינד, אונד מוס מיך נעגען איהם וועהרען, געהע זעליקל.

**זעליקל:** וואס דוא שיקסט מיך אוועק? דוא געהסט דיך שלאגען און מיך שיקסט דוא אוועק? ניין, איך מוז מיט דיר בלייבען, מיט דיר אין דער מלחמה געהן, לאזען זייא נאר פערזוכען א חסידישען פאטש.
(ער טהוט זיך אויס דיא בעקעשע).

**דאניאל:** ניין זעליקל נישט אזא שלאגען מיין איך.

**זעליקל:** ביזט דוא טאקי אין אמת'ן אין אזא סכנה דאניאליקל?

**דאניאל:** אין א סכנה בין איך יעדען אויגען בליק. זייט דער קעניג האט מיך אזויא גרויס געמאכט בין איך אומרינגט פאן פיינדע. אבער ניע ווערדען מיינע פיינדע איבער מיך טריאומפפירען. אלס פאנצער פיר מיינע ברידער האט מיך גאט בעשטימט אונד איך מוס דיעזע היילינע פפליכט זאגאר מיט דער אויפאפפערונג מיינעס לעבענס ערפוילען, קאמע זעליקל. (ביידע גאך רעכטס אב)

(פאן לינקס ערשיינט דאס פאלק אונ טראגען יאבלאנאוויטשען אויף הענרען אונ זינגען).

**קאר:** יאבלאנאוויטש לעבע האך
אונזער גראף אונד אונזער פריינד,
געווינען דיא וועטע (ביס) האט יעטצט אונזער גראף
ניעדער ניעדער מיט דעם יודען.
דאניאל אונזער פיינד,
שרייט הוררא, פאר אונזער געליעבטען גראף הוררא (ביס)
יאבלאנאוויטש לעבע האך,
אונזער גראף אונ אונזער פריינד.
געווינען דיא וועטע (ביס) האט יעטצט אונזער גראף,
ניעדער ניעדער מיט דעם יודען, ניעדער ניעדער מיט דעם פיינד.

**דאניאל:** (פון הינטען פון וויוט לאזט זיך הערען) יא מיין פיינד.

**קאר:** דער יודע קאמט.

**דאניאל:** יא מיין בלוט פיינד.

**כאר:** דער יודע קאמט.

**דאניאל:** יא יא מיין בלוט פיינד איזט ווידער צוריק, ווידער צוריק.
זא פערלאסען מוס איך מיין ארעם פאלק,
אום צו געהען אונד צו זעהען אב דיא וואהרהייט זיענט.

**כאר:** איין ענדע איין ענדע איזט שאן יעטצט ח. ח.
געווינען דיא וועטע האט אונזער גראף יא יא
פערלארען דיא וועטע האט ער ניכט פערלארען,
דיעזע וועטע האט פערלארען דער פערפלוכטער יודע.

**דאניאל:** (ערשיינט, זייא לאכען) נַיין לַאכט נאָךְ נִיכט נַיין נַיין נַיין לַאכט נאָךְ נִיכט נַיין נַיין נַיין צו פְרִיה, דֶען נאָר פאַלְשְׁהֵייט שְׁפְּרִיכט זַיין מוּנְד.

**קאר:** צום קֶענִיג לַאסט אוּנְז יֶעטְצט גֶעהֶען
אום דִיא וַואהְרְהֵייט צו זֶעהֶען.

**דאניאל:** יַא צום קֶענִיג וֶוערְדֶען ווִיר אַלֶע דָארְט הִין גֶעהֶען,
אום דִיזֶע רֵיינֶע וַואהְרְהֵייט וֶוערְדֶען ווִיר אַלֶע דָארְט זֶעהֶען.

**קאר:** קָאמְט שְׁנֶעלֶער. (3 מאל) יָא בֶּעווייזֶע האט אוּנְזֶער גְרַאף. (2 מאל)
חַ, חַ... ?

**דאניאל:** לַאכט נאָךְ נִיכט... נַיין. (טראָמפעטען שאל)

**קאר:** דֶער קֶענִיג קָאמְט עֶר קָאמְט, בֶּעגְרִיסֶעט אִיהְם. (קעניג ערשיינט)

**קעניג:** גְרַאף יַאבְלָאנאָוויטש אִיזְט צוּרִיק..

**אלע:** אוּנְד מִיט אִיהְם (ביס) אִיזְט דֶער זִיעג.

**קעניג:** קָאם טְרוֹיֶע אִיךְ מֵיינֶען אֹהְרֶען וואס אִיךְ הֶערֶע.

**אלע:** זָא אִיזְט עֶס וַואהְר יַא קֶענִיג.

**קעניג:** נוּן ווִיא אִיזְט עֶס צוּגֶעגַאנְגֶען האַסְט דוּא בֶּעווייזֶע אויךְ מִיט דִיר מִיטְגֶעבְּרַאכְט. דַאן רֶעדֶע גְרַאף.

**גראף:** הִיעֶר מֵיין קֶענִיג אֵיינֶען פְּפַאנְד (צייגט דאס מעדאליאן)
דַאס הַאבֶּע אִיךְ פָאן אִיהְרֶער הַאנְד.
זִיא שֶׁענְקְטֶע מִיר אִיהר הֶערְץ אוּנְד לִיעבֶּע.
אַלְס צֵייכֶען, הִיער דִיזֶעס פְּפַאנְד,
גֶעווינֶען הַאבֶּע אִיךְ אִיהְרֶע לִיעבֶּע.
יַא גֶעווינֶען אָהְנֶע ווִיעדֶער שְׁטַאנְד. (גיעבט עס איבער דעם קעניג)

**קעניג:** (צייגט איהם) אִיזְט עֶס דַאנִיאֵל דִיר בֶּעקַאנְט ?

**דאניאל:** יַא קֶענִיג, אַבֶּער בֵּייא גָאט. נוּר דוּרְךְ לִיסְט אִיזְט עֶס גֶעקָאמֶען אִין זֵיינֶער הַאנְד. יַא דִיא וַואהְרְהֵייט מוּס קָאמֶען אוֹיף דִיא שְׁפּוּר. לוּג אוּנְד בֶּעטְרָאג אִיזְט עֶס נוּר. עֶרְלוֹיבֶּע קֶענִיג מִיר נאָךְ הוֹיזֶע צוּ גֶעהֶען אום דִיא וַואהְרְהֵייט צוּ זֶעהֶען.

**קעניג:** יַא יַא נַאךְ הוֹיזֶע דַאנִיאֵל זָאלְסְט דוּא גֶעהֶען, אום דִיזֶע וַואהְרְהֵייט דַאנִיאֵל לַאס מִיךְ זֶעהֶען.

(פאָלק לאַכט דאניאל זאגט לאַכט נאָך נישט צו פריה. דיא מוזיק שטורם. מאַקסים ערשיינט).

**מאקסים:** גְרָאסֶער קֶעניג איין מָארְד איזְט גֶעשֶׁעהֶען. מָען הַאט דֶעם גְרַאפֶען יַאבְּלָאנָאוויטְשׁ בְּרוּדֶערְס קִינְד עֶרְמָארְדֶעט.

**גראף:** מיין גָאט ווַאס הֶערֶע אִיךְ. אוּנְד דִיא מֶערְדֶער?

**מאקסים:** דֶער פֶערְדַאכְט אִיזְט אוֹיף אֵיינֶען גֶעווִיסֶען לִיעפֶע שֶׁעכְטֶער אוּנְד אוֹיף זֵיינֶעם גֶעהִילְפֶע.

**דאניאל:** מיין גָאט מיין פָאטֶער (מען ברענגט ליעפען מיט זעליקלען געשלאָסען) פָאטֶער מֵיינֶער דוּא פְרָאמֶער גְרֵייז.

**ליעפע:** אַךְ מיין דַאנִיאַל!

**דאניאל:** אוֹיף דִיר אִיזְט גֶעפַאלֶען זָא אֵיין פֶערְדַאכְט.

**ליעפע:** אֵיין אוּנְגְלִיק, גָאט.

**דאניאל:** בַּייא גָאט אַ רַאכֶע פְלַאן אִיזְט עֶס אוֹיסְגֶעטְרַאכְט (ביס) יָא אֵיין רַאכֶע פְלַאן אֵיין רַאכֶע פְלַאן.

**ליעפע דאניאל זעליקל:** אַךְ גָאט אִין הִימֶעל (ביס)

(זייא פאלען פאר דעם קעניג אויף דיא קניע).

**ליעפע זעליק:** עֶפְנֶע קֶעניג עֶפְנֶע דַיינֶע אוֹיגֶען, אוּנ זָאלְסְט דִיא וַואהְרְהַייט יָא דִיא וַואהְרְהַייט זֶעהֶען. (ביס)

**אלע צוזאמען:** צוּ ווֶערֶען מִיר דֶען פֶעהִיג אֵיין מָארְד צוּ בֶּעגֶעהֶען?

**מאקסים גראף:** פַאלְשׁ אוּנְד דוּם אִיזְט דַאס גֶעווַיין.

עֶס קַאן אֵייךְ נִיכְט הֶעלְפֶען דַאס גֶעשְׁרַייא.

דֶען דִיא מֶערְדֶער זַייט אִיהְר אַלֵיין.

גְרָאסֶער קֶעניג בֶּעווַייזֶע הַאבֶּען ווִיר דַאבַּייא.

**קאר:** רַאכֶע נֶעהְמֶעט רַאכֶע אַן דִיא מֶערְדֶער.

שְׁנֶעל אִין קֶערְקֶער מִיט דִיא בֵּיידֶען מֶערְדֶער. (ביס)

**דאניאל:** אַ לַאסֶע קֶעניג אוּנְטֶערְזוּכֶען דִיא שׁוּלְד פְרִיהֶער.

**קאר:** נוּן אֵייעֶר שׁוּלְד הַאט זִיךְ בֶּעווִיזֶען.

פָארְט יַא דִיא שׁוּלְד הַאט זִיךְ בֶּעווִיזֶען.

**דאניאל ליעפע זעליקל:** (שרייען) מִיטְלֵייד קֶעניג ווִיר זִינְד אוּנְשׁוּלְדִיג.

**קאר:** נַיין קֵיין מִיטְלֵייד מִיט דִיא מֶערְדֶער,

נֵיין קֵיין מִיטְלֵייד פָארְט אִין קֶערְקֶער.

(מען שלעפט זייא אין קערקער דאניאל פאלט אויף זיין געזיכט פאר דעם קעניגס פיס אונ קיסט דיא פיס. בייא דיזער פאזיציאָן פאלט דיא פאָרהאַנג).

ענדע דעם 2־טען אַקטעס.

# III. אקט

(שטעלט פאר א קערקער ליעפע מיט זעליקלען זיטצען אויף א לאנגע באנק).

**ליעפע:** זעליקל אויף אונז ביידע איז אויסגעגאסען געווארען גאטס צארען. מיר ביידע מוזען אבקומען פאר דעם גאנצען כלל ישראל.

**זעליהל:** רבי ליעפעניוא. (וויינט)

**ליעפע:** שטארק דיך מיין קינד, דען נישט יעדער איז זוכה צו שטארבען אויף קידוש השם.

**זעליהל:** יא ר' ליעפעניו יעטצט ווען אונזערע שטונדען זענען געציילט, וויל איך אלע מיינע זינד פאר אייך מודה זיין, אום איך זאל חאטש אויף יענער וועלט נישט דארפען ליידען.

**ליעפע:** טהו תשובה מיין קינד אויף אלע דיינע עבירות.

**זעליהל:** אויף אלע עבירות קען איך תשובה טהון נאר אויף איינע קען איך נישט תשובה טהון און וויל אויך נישט תשובה טהון.

**ריעפע:** אזא מין עבירה?

**זעליקל:** יא איך האב נאך טאקי איין אנדערע אויך דערצו געבראכט. און דאס איז טאקי אייער ציערעלע.

**ליעפע:** וועה מיר מיין ציערעלע, וואס איז מיט אייך געשעהען זעליקל?

**זעליהל:** וואס זאל האבען געשעהען? גאר נישט. נאר איין מאל אין א טאג האבען מיר זיך ביידע געטראפען אין איין צימער און טאקי ביחידות אהן א שומר. דער יצר הרע האט נישט מעהר בעדארפט און האט מיך אנגעהויבען ציטערען מיט ביידע ידים.

**ריעפע:** דערצעהל שוין געבער וואס איז געשעהען?

**זעליהל:** אזוי האבען מיר זיך נישט אנגעפרעגט אין טאטען און נישט אין קיין מאמען. און מיר האבען זיך געגעבען דאס... ווארט און דיא הענטעלעך... און (וויינענד) טאקי אויך דיא פיסקעלעך אויך.

**ליעפע:** נוא און ווייטער זעליקל?

**זעליהל:** ווייטער איז נישט געגאנגען. (וויינט)

**ריעפע:** האב חרטה מיין קינד. אונ אז נאט וועט אונז העלפען אז מיר וועלען פון דאנען פרייא ווערען נעם דיר פאר נישט מעהר אזוינס צו טהון.

**זעליקל:** חרטה ניין איך קען נישט חרטה האבען.

**ליעפע:** פאר וואס נישט זעליקל?

**זעליקל:** ווייל איך פיהל אז איין מינוט פאר מיין טויט וואלט איך מיך פון אזא עבירה נישט אבגעזאגט, מיט ציערעלען זיך צו פיסקלען.

**ליעפע:** אזוי ווייט האלט עס שאן מיט דיר זעליקל?

**זעליקל:** אום... אום...

**ריעפע:** נוא אונ מיט ציערעלען.

**זעליקל:** אי מיט ציערעלען האלט עס שוין נאך ווייטער.

**ריעפע:** זעהסט דוא זעליקל איך האב דיך שטענדיג ליעב געהאט.

**זעליקל:** היינט מוזט איהר מיך פיינד האבען ווייל איך בין א חוטא א זינדער?

**ליעפע:** ניין זעליקל, ווייל דוא ביזט אזוי אויפריכטיג אונ זאגסט מיט דען מייל דאס וואס דיין הארץ מיינט האב איך דיך נאך מעהר ליעב. אונ אז גאט וועט אונז העלפען זאלסט דוא מיין איידעם מיין קינד זיין.

**זעליקל:** ר' ליעפעניו מיין פאטער מיין ווייטער. (ער קישט איהם דיא הענד) (מען הערט שטימען) אי אונזערע פערפאלענער קומען שוין. (אויפטריט מאקסים גראף) דיא מלאכי חבולניקעס זענען שוין דא.

**מאקסים:** רעדע נור מיט דען אלטען. וואדסט דוא דיא צייט ביים קעניג גראף?

**גראף:** א דער קעניג איזט איין יודען פריינד.

**מאקסים:** נור קיין מיתה פערליערען גאט ווירד העלפען.

**גראף:** (צום אלטען) זאגע דוא אלטער מערדער, ווירסט דוא געשטעהן דאס דוא דער מערדער מיינעס ברודערס קינד ביזט.

**ריעפע:** ליעבער העדר נישט איך קען אייך נישט אייער ברודער נישט אייער ברודערס קינד. היתכן וואס האט מיר אייער ברודערס קינד געטהון וואס איך זאל עס געהען ערמארדען.

**זעליקל:** וויא איך בין א יוד פאניענקא ער האט נישט געמארדעוועט.

גראף: א אוה ךײבער געװינדל דענקט איהר דאס װיר ניבט װיסען דאס איהר קריסטען בלוט צו אײערע מצות ברויכט, דוא אלטער מערדער.

זעליכל: װאס דבורט ער דער ערל?

גראף: שװײגע יונגע באלד קאמסט דוא אן דיא רײהע.

מאכסים: דוא װירסט מיט דען אלטען פוקס גאר ניבט מאבען קענען. נעהמע איהם אין דיא פאלטער קאמער אונד לאסע מיך דא מיט דען יונגען. גאט װירד העלפען לאסע איהם לאנגע מארטערן ביז ער װירד ענדליך געשטעהען מיסען. װענדע אן אלע מארטער מיטעל אונד װיר װערדען הערען װאס ער װירד דאן זאגען.

ליעפע: װאס זאל איך זאגען גם זה לטובה.

מאכסים: (לאכט) גם זה לװאיטעק װירסט דוא זאגען. נון נון פיהר איהם פארט גראף.

גראף: קאמע דוא אלטער מערדער. (שלעפט איהם אב)

זעליכל: ר' ליפעניו. (וויל נאך לויפען מאקסים האלט איהם צוריק) װעה איז מיר מיט דעם אבער מראך חבולניק האט מען מיך איבערגעלאזט. נײן איך װיל אויך אהין.

מאכסים: בלײבע יונגע איך האבע מיט דיר מיטלײד. דער אלטער האט שאן ניבט װאס צו פערליערען. דען ער איזט שאן זא װיא זא אלט. ער האט שאן זא װיא זא ניבט פיעל צו לעבען. דוא אבער ביזט נאך יונג שען דוא האסט נאך פאר דיר אײנע שענע װעלט. שאדע דאס דוא דײן יונגעס לעבען דורך דומהײט פערליערען זאלסט. זיהסט דוא יונגע דיעזעס פאפיער?

זעליכל: װאס געהט דאס מיך אן.

מאכסים: עס געהט דיך פיעל אן. אן דיעזעס פאפיער הענגט דײן יונגעס לעבען אב. װײסט דוא װאס אין דיעזעס פאפיערע געשריעבען איזט?

זעליכל: װאס איז מײן עסק. איך קען עפּיס טריפה פסול. װאס שטעהט דא געשריעבען אלטער װארגער.

מאכסים: זעהר פיעל שטעהט היער געשריעבען. אונד װען דוא דיעזעס פאפיער אונטערשרײבסט, זא ביזט דוא פרײא.

זעליכל: דאס פאפיער אונטערשרײבען איך פרײא?

**מאקסים:** יַא דוא האַסט ניכט מעהר וויא דַאס פּאַפּיער צוּ אונטער־שרייבען אונד דיא וואהרהייט צו זאגען דַאן ביזט דוא פריא יונגע.

**זעליקל:** דעם אמת צוּ זאגען, דעם אמת ווילט איהר דאָך אָבער נישט גלויבען.

**מאקסים:** ווייל דוא נאָך ביז נון דיא אמת נישט געזאגט האַסט. ווילסט דוא ניכט דיא אמת זאגען, ווערדע איך דיך ניכט צווינגען. נור דיעזעס פּאַפּיער אונטערשרייבע ברויך איך שאן ניכט דיא אמת.

**זעליקל:** יאָ איך וועל אונטערשרייבען. איך וויל דאָך אָבער וויסען וואס דאָ שטעהט.

**מאקסים:** דוא האַסט רעכט יונגע. דאָ שטעהט זא, דוא ביזט אונשולדיג.

**זעליקל:** אמת.

**מאקסים:** ערמאָרדעט דאס קינד האַט דער אַלטער.

**זעליקל:** שקר.

**מאקסים:** אָבער לאַסע מיך רעדען יונגע.

**זעליקל:** ווער בעט אייך, איהר מעגט שוין אויפהערען צוּ רעדען.

**מאקסים:** אָבער דוא פערשטעהסט מיך נישט יונגע.

**זעליקל:** אוי פערשטעה איך אייך נישט.

**מאקסים:** וואס פערשטעהסט דוא דומער יונגע?

**זעליקל:** איך פערשטעה אזויא פיעל אז איהר ווילט איין רעדען א לינג און לעבער אויף דער נאז.

**מאקסים:** געה דוא ביזט דום. דוא אונטערשרייבסט דאס פּאַפּיער?

**זעליקל:** איך וויל הערען וואס דאָרט שטעהט!

**מאקסים:** ווען דוא פּאַן צוּ הויזע וועקגעגאנגען ביזט האַסט דוא דען אַלטען אליין צוריק געלאַסען.

**זעליקל:** אמת.

**מאקסים:** זיעזהסט דוא. זיעהסט דוא יונגע דאס דיא גאנצע אמת איזט אין דיעזעם פּאַפּיער געשריעבען. אָבער ווען דוא צוריק געקאָמען ביזט וועה... וואס האַבען דיינע אויגען געזעהען.

**זעליקל:** גאר נישט. וואס האַב איך געזעהען?

**מאקסים:** וואַרטע נור יונגע ווערדע איך דיר זאגען וואס דוא געזעהען האַסט.

**זעליקל.** הערט א מעשה ער וויל מיר אזוינס איין רעדען וואס איך האב אפילו נישט געחלומט אזוינס צו זעהען. איך בעט אייך אלטער ווארגער לאזט מיך צורוה.

**מאקסים:** ניין דוא מוסט ווייטער הערען. וויא דוא נאך הויזע געקאמען ביזט האסט דוא ערבליקט וויא דער אלטער דאס קינד געשלאכטעט. אנפאנגס האסט דוא געפירכטעט דאס צו פערראטען אונד האסט אלעס פערשוויגען. דאן אבער האבען דיך דיא געוויסענס ביססע אנגעפאנגען צו קוועהלען, האסט דוא עס דיר איבערלעגט אונד האסט דיא גאנצע אמת ערצעהלט. אונד דאס פאפיער אונטערשרייבע ביזט דוא פרייא.

**זעליקל:** גיט אהער דאס פאפיער איך אונטערשרייבע.

**מאקסים:** זיהסט דוא יונגע דאס איין ליכט געהט דיר שאן אויף דיינע געדאנקען איין. האסט דוא טינטע אונד פעדער אונטערשרייבע דאס פאפיער.

**זעליקל:** שטעהט נאר לאמיך נאר דיא גאנצע זאך גוט בעקלעהרען. ווען איך אונטערשרייבע דאס פאפיער הייסט אזויא פיעל וויא איך האב אליין געזעהען וויא דער אלטער האט געמארדעוועט.

**מאקסים:** יא יא מיין גוטער יונגע.

**זעליקל:** וויא איז אבער דער דין אז איך האב נישט געהאט וואס צו זעהען (אלעס מיט א גמרא ניגון) ווייל עס איז נישט געוועז וואס צו זעהען ווייל דער אלטער האט נישט געמארדעוועט האב איך דאך נישט וואס צו זאגען און מכל שכן וואס צו שרייבען. געהטשעט מיר אין דער ערד אריין מיט'ן פאפיער אין איינעם. (ווארפט עס איהם אין פנים)

**מאקסים:** דוא דומער יונגע. (ליעפע קרעכצט) דוא הערסט יונגע וואס מאן מיט דען אלטען מאכט. זא ווירד מאן אויך מיט דיר מאכען ווען דוא ניכט אונטערשרייבסט.

**זעליקל:** אוי וועה מיטשעט איהם נישט אזויא.

**מאקסים:** ווירסט דוא אונטערשרייבען?

**זעליקל:** יא יא אבער לאזט איהם נאר אב. איך וויל נאר נאך איין מאל מיט איהם א פאר ווערטער רעדען. דאן אונטערשרייבע איך דאס פאפיער.

**מאקסים:** שאן גוט יונגע. (אין דיא קוליססען אריין) בּרינגט דען צעקוועטשטען אַלטען העריין! יונגע איך גיבּע דיר 5 מינוטען צייט מיט דעם אַלטען צו רעדען. (אב)

**איינער:** (וואַרפט אריין ליעפען) **ווערליכל:** ר' ליעפּעניו מיין פאַטער!

**ליעפע:** וועליקל פאַר וואס שטראַפט אונז גאָט אזויא ביטער. פאַר וואס קומט אונז אזויא צו מיטשען וועליקל. (וויינט)

**ווערליקל:** רבּי ליעפעניו. איהר האט דאָך פריהער געזאָגט אז איך בּין אייער קינד. נון לאזט מיך יעטצט מקיים זיין דיא מצוה פון כּבוד אב. איך וועל דאס גאנצע בּלבּול אויף מיר אַרויף לעגען. און זאָגען אז איך האב דאס קינד געקוילעט.

**ליעפע:** וואס רעדסט דוא קינד?

**וועליקל:** יאָ איהר זענט א טאטע פון קינדער. איהר דאַרפט לעבּען. אָבער איך האב נישט וואס אנצוועהרען. איך בּין דאָך סיי וויא סיי איין עלענדער יתום. לאָס איך פאר אייך שטארבּען פאַטער מיינער.

**ליעפע:** וואס רעדסט דוא קינד. דאָ האַנדעלט זיך נישט אום איין געוועהנליבּען מארד. דען קיים זאגסט דוא אז דוא בּיזט דער מערדער אזוי וועט דער גאנצער כּלל ישראל דורך דיר מוזען ליידען.

**וועליקל:** איהר האט רעכט ר' ליעפעניוא, 5 מינוט צייט האט מען מיר געגעבּען איך זאל מיך מיט אייך קענען זעהען, אפשר איז דאס שוין אונזער לעטצט בּעגעגנים. אזוי בּעט איך אייך בּענשט מיך פאר מיין טויט.

**ליעפע:** (לעגט אויף איהם זיינע הענד) געה מיין קינד גאָט זאל דיך בּענטשען באלד וועלען מיר זיך זעהען ווען נישט אויף דער פאַרדאַרבּענער זינדיגער וועלט וועלען מיר זיך זעהען אויף יענער עוויגער אמתער וועלט און גאָט דער הערשער פון בּיידע וועלטען זאל זיך אין אונזערע פיינדע און אונזערע אומזאנסטיגע פערפאָלגער נוקם זיין ער זאל זייא מיט דעם וואָרצעל פון זיין וועלט אויסרייסען. (מאקסים גראף ערשיינען).

**מאקסים:** נון יונגע די 5 מינוטען זינד שאן פאַראיבּער.

**וועליכל:** גיט אהער וועל איך אונטער שרייבּען.

**מאקסים:** היער האסט דוא עם (גיט עס איהם) ועהסט דוא גראף דאס גאָט ווירד העלפען. דער יונגע איזט דוס. (וועהרענד דער גראף מיט מאקסימין

רעדען צעררייסט זעליקל דאס פאפיער אונ ווארפט זיי אין פנים אריי). וואס האסט דוא געמאכט דוא דומער יונגע.

**זעליקהל:** איך לאך פון דיר דוא אלטער הונד מיט קאלע צייהן.

**גראף:** פארט מיט איהם אין דיא פאלטער קאמער!

**באטע:** (מי. א אלע אין דער האנד) האלט איין בעפעהל פאם קעניג.

**גראף:** אונד וואס ? ויטעט דעם קעניגס בעפעהל.

**באטע:** מילדע בעהאנדלונג געגען דיא 2 אנגעקלאגטע ביז דאס שוואר געריכט זיא ניכט פיר שולדיג ערקלערט.

**גראף:** צייג נור הער. (ער חאפט אוים דאס פאפיער. לעזט) מי....לדע בעהאנדלונג...

**מאקסים:** (חאפט בייא איהם אוים) געבע הער גראף דוא קאנסט נישט לעזען. (ער לעזט איהם נאך אמאל דורך) נון וואס זאגסט דוא גראף?

**גראף:** ווא איזט דיין גאט ווירד העלפען?

**מאקסים:** ווען גאט וויל ניכט העלפען זא ווירד דער טייפעל העלפען.

**גראף:** דער טייפעל זאל דיך שאן מיט דיא יודען צוזאמען האלען. א פערפלוכט זייט 3 מאל פערפלוכט. (אב)

**מאקסים:** ווארטע נור גראף (וויל איהם נאך זעליק האלט איהם צוריק אונ רייצט זיך מיט איהם מיט דיא ווערטער וואסביידע זינגען מן המצר... רייצט זיך מיט איהם ביז זייא ענדיגען דאס זינגען דאן גיט איהם זעליק אין קארק אריין. אלע אב).

## פערוואנדלונג

(איין צימער א זאפע אין דער מיט זעסעל טישלעך אין דיא זייטען רעכט אונ לינקס טיערען. ווייא מען ציעהט אויף שטעהט דאניאל ביי איינעם טיש אונ האלט א בריעף אין דער האנד ער זעהט אוים גאנץ בלאס. מרים ערשיינט פון רעכטס פאם שוישפיעלער).

**מרים:** א דאניאל. וואס זעהסט דוא אזוי שלעכט אוים?

**דאניאל:** קאן גוט אויסזעהען נאך זאלך איינען בריעף ווי דוא מיר גע־שריעבען האסט. (עפענט אונד ליעזט).

מיין געליעבטער דאניאל. וויסע דאס זייט דוא וועקגעפאהרען ביזט האט איינע דונקלע טריעבע וואלקען זיך אויף אונזערעם פאמיליען־לעבען פערשפרייט. וויסע דאס דיינע געטליכע דיינע ליעבלינגס־בליהמעלע איזט אין דער צייט דיינער אבוועזענהייט געענצליך פע־וועלקט. דיינע טרייע פרויא אויף וועלכער דוא שטאלציערסט

דיינע הימלישע בליהמע מיט וועלכער דוא דיך שמוקסט איזט דיר מיט איינמאל פאלש געווארדען. זיא האט זיך זא ווייט ערלויבט דאס ווערהענד דיינער אבוועזענהייט האט זיא גאר אהנע שאנדע אלע פערבאטענע פערגעניגענס-פלעטצע בעזוכט און ווען אלע אים טיעפ-סטען שלאפע וואהרען האט זיא איינען רייך עלעגאנט געקליידעטען קאוואליער דורך דאס פענסטער איהרעם שלאף געמאכעס עקספע-דירט. אונד אום דיר דיא וואהרהייט צו בעקרעפטיגען זא פראגע דיין שוועסטערל ציערעלע וועלכע האט פאם געראיש גראדע ערוואכט אונד מיט איהרע אויגען דיעזע טרויריגע סצענע זעלבסט געזעהן האט. איזט דאס אלעס וואהר וואס דוא מיר אין דעם בריעפע געשריעבען האסט.

**מרים:** איך וויים גאר נישט וויא מען קען אזא גוטען דאניאל פאלש ווערדען.

**דאניאל:** אנטוואָרטע איזט דאס וואהר? אדער איזט בלאס איינע שענדליכע אינטריגע צווישען מיר אונד מיינע בליהמעלע... דוא שווייגסט? ביי גאט דוא זאלסט עם מיט דיינעם לעבען בעצאהלען. (ער גיט מיט איהר א ווארף).

**מרים:** יעטצט זעה איך אז מען טאר דעם אמת נישט זאגען. אמת זאגט דיא וועלט אז פאר ברויט גיט מען אב שטיינער. זא פראווע ביזט פאר'ן אמת שלאגט מען.

**דאניאל:** א פערצייהע מיר טהייערע מרים. איבערצייגע מיר דאס מיינע בליהמעלע אונשולדיג איזט אונד איך ווערדע דיך וויא איינע שוועסטער ליעבען. (וויינענד) א איך ביטע (אומארמט זיא העפטיג) דיך מרים מיט טהרענען אין דיא אייגען ביטע איך זאגע מרים דאס מיינע בליהמעלע אונשולדיג איזט. זאגע דאס דוא איינע ליגע געשריעבען האסט. דאס דיא גאנצע געשיכטע ערדיכטעט איזט. זאגע מרים.

**מרים:** אך ליעבער דאניאל וויא טהעסט דוא מיר וועה מיט דיינע ווארטע שא אט קומט דיין שוועסטער ציערעלע. (ציערעלע ערשיינט).

**ציערעלע:** (לויפט אויף איהם צו) דאניאליקל. נוא וואו איז דער פאטער? אונ טאקע... ער. דער פאטער אונ טאקע... ער זענען נאך נישט געקומען?

**דאניאל:** װעליקל מיינסט דוא געװיס?

**ציערעלע:** יא דער פאטער אונ טאקע ער...

**דאניאל:** אך וויא וועה עס מיר טהוט דיר ליעב שװעסטערל זא איינע טרויריגע נאכריכט מיטצוטהיילען צו מיסען. דער פאטער אונד װעליקל שמאכטען יעטצט אין קערקער דורך איין שרעקליך בלבול.

**ציערעלע:** וואס זשע שװייגסט דוא דאניאליקל! דוא ביזט דאך ביים קעניג אזוי בעליעבט. דוא האסט דאך שוין פיעל אנדערע דאס לעבען געראטעװעט. פאר װאס זשע בעטסטו נישט אויף דעם פאטער אונ טאקע אויף איהם אויך. לויף שנעל צום קעניג אונ ראטע אונזער פאטער אונ טאקע איהם אויך.

**דאניאל:** מיין ליעב שװעסטערל דאס וואס איך בין אמאל געװען בין איך שוין נישט. איך האב פערלארען אלעס ראנג טיטעל אונד פערמעגען. אונד דאדורך גיע פאר אונזער גוטען קעניג ערשיינען.

**ציערעלע:** וועה איז מיר וואס פאר א שלעכטע בשורה הער איך עס. וואס פאר איין א אומגליק האט זיך אויף אונזער פריעדליך הויז אויס-געגאסען. אפשר שלאף איך אונ דאס אלעס איז נאר א חלום (גיט זיך א ביס אין א פינגער) אוי עס טהוט דאך וועה א פנים שלאף איך נישט. וואס זשע איז דאס פאר איין אומגליק דאניאליקל? (וויינט).

**דאניאל:** געוויס האט זיך יעמאנד אין אונזערעם הויזע שטארק פערזינדיגט.

**ציערעלע:** אוי אפשר האסט דוא טאקע רעכט דאניאליקל.

**דאניאל:** אונד װער זאל דיא זינדערין זיין זיא? בליהמעלע. זאגע שװעס-טערל דען דיר װערדע איך יעדעם װארט גלויבען.

**ציערעלע:** איך וואלט עס קיינמאל אויף איהר נישט געגלויבט װען איך זאל נישט געװען זעהען מיט מיינע אייגענע אויגען.

**דאניאל:** װעה! דוא האסט איהם אויך געזעהען דורך דעם פענסטער ארויסשפרינגען.

**ציערעלע:** (אונשולדיג) אום אום..

**דאניאל:** וויא וואר ער געקליידעט?

**ציערעלע:** זעהר רייך, זעהר עלעגאנט.

**דאניאל:** ניכט אלס גראף?

ציערעלע: וואס ושע א גראף איז דאס געוועזן? מאכט נישט אויס מעג זיין
א גראף. זיא איז אלץ א פאלשע פרויא.

מרים: (פיר זיך) אוי איך גע׳ה אויס פאר פריידע.

בליהמעלע: (פון הינטער דיא קוליססען) ווער זאגט עס דאס מיין דאניאל איז
געקוממען?

מרים: בליהמעלע קוממט!

דאניאל: לאססעט מיך היער אליין!

מרים: דאניאל אפשר איז זיא אונשולדיג?

דאניאל: געהע איך פערלאנגע דיך ניכט אלס איהר פערטיידיגערין.
נון פערלאססעט מיך!!!

מרים: קום ציערעלע לאמיר געהן גאט בעטען! (ביידע אב)

בליהמעלע: (אויפטריט) מיין דאניאל מיין געליעבטער מאן (וויל איהם אומארמען
ער שטויסט זיא צוריק אונ וויינט) ווארום וויינסט דוא מיין געליעבטער מאן?
פילייכט בין איך דיא אורזאכע דיינע טהרענען?

דאניאל: זאגע מיר בליהמעלע וואס ביזט דוא מיין?

בליהמעלע: וועלכע פראגע? דיין טרייעס ווייב.

דאניאל: אונד דאס זאגסט דוא מיר פרייא אינם געזיכט אהנע דאביי
צו ציטערען?

בליהמעלע: ווארום זאל איך דען ציטערען?

דאניאל: ווייסט דוא בליהמעלע וויא איך דיך געליעבט האבע? דיר צו
ליעבע האבע איך אלעס געאפפערט. אונד דוא ווייב האסט מיך זא
שענדליך בעלאגען אונד בעטראגען.

בליהמעלע: ווע׳ה וואס האב איך ערלעבט צו הערען (פאלט אויף דיא קניע)
שויע מיר געליעבטער מאן אינס געזיכט אונד זעה אב איך דיר פאלש
בין.

דאניאל: (נעהמט זיא ארום אונ קוקט איהר אין דיא אויגען) אין דיינע אויגען זעה
איך דען הימעל אבער היער אין דעם פערשאלטענעם הערצען זעה
איך דיא העללע (גיט מיט איהר א ווארף) זאגע ווייב ווא איזט דאס מעדאליאן
וועלכעס איך דיר צו אונזערע פערלאבונג געשענקט האבע? גע-
שווארען האסט דוא עס אויף דיינעם הערצען זא לאנגע צו טראגען זא
לאנגע דיינע ליעבע צו מיר געדויערען ווירד. נון ווייב ווא איזט עס?

**בליהמעלע:** מיר איזט עס אויך איין רעטהזעל איך ווייס ניכט ווא עס איזט היין געקאממען. אבער וואהער ווייסט דוא דאס עס מיר פעהלט.

**דאניאל:** וויל איך עס בייא איהם געזעהען האבע.

**בליהמעלע:** בייא איהם בייא וועם?

**דאניאל:** בייא דעם זעלבען, דעם דוא דיינע עהרע פערשענקט האסט.

**בליהמעלע:** אלמעכטיגער גאט!

**דאניאל:** איזט עס אלזא איינע ליגע?

**בליהמעלע:** איינע שרעקליכע ליגע!

**דאניאל:** אונד דען גראפען דען דוא דורך דאס פענסטער דיינעס שלאף-געמאכעס עקספעדירט האסט איזט עס אויך איינע ליגע.

**בליהמעלע:** וועה מיר געליעבטער מאן. דיעס איזט איינע פאלשע פער-לײמדונג. בעזע מענשען האבען זיך געווים פערליינט מיר מיין גליק צו שטערען. קאנסט דוא דאס אלס טרייער מאן אויף דיינער גע-ליעבטען פרויא גלויבען. געליעבטער דאניאל.

**דאניאל:** גענוג ווייב יע מעהר דוא צו מיר שפריכסט דעסטא מעהר איבערצייגע איך מיך וויא טיעף געזונקען אונד פאלש ביזט. איזט דאס אויך איינע ליגע. (ווארפט איהר דעם בריעף אינס געזיכט הערייז)

**בליהמערע:** (בעמערקט נישט דען בריעף) איך פערשטעה דיך ניכט.

**דאניאר:** א בליהמעלע וויא איך דיך געליעבט האבע עהער העטע איך געגלויבט דאס דיא שטערנע פאם הימעל הערונטער פאלען ווערדען אלס מיינע בליהמעלע מיר פאלש ווערדען ווירד. א פערפלוכט זייא דער טאג אן דען איך דיך קענען געלערנט האבע. אדיע פריעדע מיינעס לעבענס. איך האבע מיין וועלט מיינע בעסטע יאהרע דורך איין פאלשעס ווייב פערשפיעלט. אדיע אויף נימער וויעדער צו זעהען. (מיט דיא לעטצטע ווארטע האסטיג אב)

**בליהמעלע:** א וועה וואס איזט היער פאר געפאלען? ווער זאל דיא שלאנגע זיין וועלכע האט זיך אין אונזערעם הויזע איינגעשליכען אום מיר מיין לעבען צו פערביטערען? (מען הערט דרייסען איין שרעקליך געטימעל)

**ציערעלע:** (לויפט אריין) דאניאליקל דאניאליקל!

**בליהמעלע:** דאניאליקל איזט וועג געגאנגען.

**ציערעלע:** אין אזא צייט האסט דוא דאניאליקלען אויף דער גאס געלאזט ארוים געהען דוא פאלשע פרויא.

**בליהמעלע:** אויך דוא ציערעלע זאלסט עס זאגען?

**ציערעלע:** איך וואלט עס נישט געזאגט. ווען איך וואלט עס מיט מיינע אייגענע אויגען נישט געזעהען.

**בליהמעלע:** וואס האסט דוא געזעהען?

**ציערעלע:** יענע וואך זא שפעט ביי נאכט, נישט מיט מיין מויל רעדענדיג, א פרעמדען זכר דורך דיין פענסטער געזעהען ארויס שפרינגען.

**בליהמעלע:** דורך מיין פענסטער?

**ציערעלע:** יא טאקע פון דיין שלאף צימער. (וועהרענד דעם געפינט זיא דעם בריעף אונ עפענט איהם לאנגזאם).

**בליהמעלע:** אונ וויא שפעט איז דאס געוועזען? ציערעלע.

**ציערעלע:** טאקע נאך האלבער נאכט.

**בליהמעלע:** אונ דוא האסט נאך אזויא שפעט נישט געשלאפען?

**ציערעלע:** יא איך האב שוין געשלאפען נאר מרים האט מיך אויפ-געוועקט אונ האט דאס מיר געוויזען.

**בליהמעלע:** אזויא מרים האט דיר געוויזען. איזט שאן רעכט. זיא האט דיך עקסטערע אויפגעוועקט אום דיר דאס צו וויזען. אונ דער פרעמדער זכר האט אזויא לאנגע געווארט ביז דוא וועסט איהם קענען זעהען.

**ציערעלע:** אום אום...

**בליהמעלע:** יעטצט געהט מיר שאן אויף א ליכט. זאג נאר ציערעלע אונ פון וואנען ווייסט דאס דאניאליקל?

**ציערעלע:** וואס הייסט זיא האט איהם טאקע געשריעבען. דא איז טאקע דער בריעף. נוא לעזע בליהמעלע.

**בליהמעלע:** (קוקט אין דעם בריעף) שאן רעכט (רופט) מרים מרים!

**ציערעלע:** זיא איז נישט דא. זיא איז דאניאליקלען נאך געלאפען ווען ער איז וועק געגאנגען. (מען הערט דערויסען שרייען שיעסען).

**בליהמעלע:** וואס איז אזוינס אויף דער גאס?

**ציערעלע:** דאס בין איך דאך אריין געלאפען דיך צו זיעדלען וואס דוא האסט דאניאליקלען אין אזא צייט ארויס געלאזט אויף דער גאס.

**בלידהמעלע:** וואס איז דען אזעלכעס אויף דער גאס?

**ציערעלע:** מען האט געפינען א טויט קינד א קריסטליך, האבען די שונאי ישראל אויסגעטראכט אז די יודען האבען עס ערמארדעט. און מען שלאגט און מען רויבט די יודען אהן רחמנות.

(מען הערט ווייטער שיעסען שטורם דיא טהיר גיט זיך א בראך אויף. דאניאל טראגט אריין מרים'ען איינע ערשאסענע און לעגט זיא אויף דער זאפע).

**בלידהמעלע: ציערעלע:** וואס איז געשעהען?

**דאניאל:** איך קום ארויס אויף דער גאס, זעה איך מען שלאגט מען ראבעוועט יודען, האב איך דיא וואגאבונדען געוואלט צוטרייבען. פלוצים הערע איך הינטער מיר א שאס איך קיק מיך אום זעה איך בערעקען מיט איינער גאנצען באנדע און האט מיך געוואלט שיעסען איז זיא הינטער מיר געקומען האט ער איהר געטראפען. דיא קוגעל וועלכע וואר פיר מיך בעשטימט האט זיא געטראפען. זיא האט מיר מיין לעבען גערעטעט אונד האט אבער מיט דען איהריגען בעצאהלט.

**בלידהמעלע:** איזט זיא שאן טאדט?

**דאניאל:** (גרייפט איהר פולס) זיא האט נאך אין זיך איין וועניג לעבען.

**בלידהמעלע:** (פאקט זיא ביים דער האנד) מרים עס איזט פיליכט דיינע לעטצטע שטונדע. זאגע ווילסט דוא מיט איינער שענדליכען ליגע אויף דיינע ליפען שטערבען? אונד פאר גאטעס טהראנע אלם זינדערען צו ערשיינען.

**דאניאל:** וואס זאל דאס בעדייטען?

**מרים:** (שטערבענד) דאס בעדייטעט... דאס דיינע בלידהמעלע אונשולדיג איזט. דאס וואר בלאס איינע אינטריגע פאן מיר אונד מיינעם ברודער מיינע ליעבע צו דיר דאניאל אונד מיין ברודערס ליעבע צו בלידהמעלע האט אונז צו דיעזען שענדליכען שריט געטריעבען. פערצייהעט מיר איך שטערבע.

**דאניאל:** גאט זאל דיר פערצייהען.

**ציערעלע:** בלידהמעלע זייא מיר מוחל.

**בלידהמעלע:** נון געליעבטער מאן? (בליקט אויף איהם זאנפט)

**דאניאל:** א בליהמעלע בליקע ניכט אויף מיך. מיט דיינעם זאנפטעם בליקע שטעכע מיר ליעבער איינען דאלך אין מיינער ברוסט. דאס האבע איך עהרליך פערדיענט וויל איך האבע געוואגט אן דיינער אונשולד אן דיינער טרייע צו צווייפלען. פיערע מיר איינע קוגעל אין מיינע ברוסט ווערדע איך עיער ערטראגען קענען אלס דיינע זאנפטע בליקע.

**בליהמעלע:** ניין געליעבטער מאן דער בעסטער מענש קאן אויך דורך זאלכע קרעפטינע בעווייזע דער פאלשהייט פערפיהרט ווערדען. יעטצט מיין געליעבטער מאן האבע איך דיך וויעדער געוואנען. אויפס נייע מיינען געליעבטען פערלארענען מאן וויעדערום געפונדען. (בייא דיא ווערטער שרייט ער אויס מיין בליהמעלע, זיא מיין דאניאל, אומארמען זיך פאויל ערשיינט).

**פאויל:** (מיט דיא ווערטער) נון בליהמעלע יעטצט ביזט דוא מיין! (ערבליקט דאניאלען) וואס האט דיך מיינע קוגעל ניכט געטראפען?

**דאניאל:** שויע הער ווערם דיינע קוגעל האט געטראפען, דיינע איינענע שוועסטער. (ער ווארפט איהם צו צו דער זאפע).

**פאויל:** (פאלט אויף איהר ארויף) וואס מיינע שוועסטער? ערשאסען, שוועסטער שוועסטער! (ער הייבט זיא אן צו שלעפען, זיא ערמונטערט זיך אביסעל אונ חאפט איהם ביים האלז אונ ווארגט איהם).

**מרים:** מערדער דוא ביזט מיין מערדער! (זייא ראנגלען זיךביידע אונ פאלען ביידע ניעדער).

**דאניאל:** (גרייפט איהר דען פולס) זיא איזט טאדט!

**ציערעלע:** ברוך דין אמת!

**בליהמעלע:** אונד ער?

**דאניאל:** (גרייפט איהם דעם פולס) ער לעבט. בערעלע אין דיר הענגט יעטצט אב צו בעווייזען דיא אונשולד מיינער געליעבטען בליהמעלע. דוא קאנסט מיך רעטען בערעלע. דיינע שוועסטער האט אונז אלעם פאר איהר שטערבען ערצעהלט. דוא שווייגסט? זיעה הער דען טאדטען קערפער דיינער שוועסטער. אונד אויך דיא ענדע דיינעם לעבענס ווירד אויך זא אויספאלען, ווען דוא דיא אונשולד פערפאלגען אונד אונטערדריקען ווירסט. דוא שווייגסט נאך אימער בערעלע! (ער חאפט איהם בייא דיא האר אונ שטעלט איהם אויף).

**פאויל:** מײנע שװעסטער ערשאָסען. פּיף פּוף פּאף. ערשאָסען.

(ער רײסט פון זיך דיא קלײדער אונ װאַרפט אויף פּרימען. ער רײסט זיך אויס דיא האָר אונ מיטשעט זיך אײניגע סעקונדען מיט איהר טאָדטען קערפּער הערום. אונד דאַן פאַלט ער גאַנץ ערשעפּפט צו באָדען).

**דאניאל:** ער װאַהנזיניג װיא טאָדט!
אונז העלפען קאַן נור אײן גאָט.

(זײא װענדען אַלע זײער בליק צום הימעל אונד בײא דיעזער פּאָזיציאָן פאַלט גאַנץ לאַנגזאַם דער פאָרהאַנג).

**ענדע דעס דריטטען אקטעס.**

## IV. אַקט

(שטעלט פאָר יאַבלאָנאָװיטש צימער. יאַבלאָנאָװיטש מאַקסים זיטצען בײא אײן טיש אונ טרינקען. פלעשער גלעזער שטעהען אַם טיש. יאַבלאָנאָװיטש זינגט זיך אַ פּוילישׁ שכורעש ליעדעל).

**מאַקסים:** (פיר זיך) זאָל ער זיך בעשעפטיגען מיט דען זינגען אונד איך װערדע מיך בעשעפטיגען מיט דען טרינקען.

**גראף:** פּאויל פּאויל נאָך װײן הער!

**מאַקסים:** װאָס שרײסט דוא פּאויל, דוא האָסט פערגעסען דאָס ער צוריק צו זײנע גלויבענס ברידער זיך בעקעהרט האָט.

**גראף:** יאַ איך האָב גאַנץ פערגעסען. יודע בלײבט אימער יודע.

**מאַקסים:** נון װאָס הערט מאַן נײעס פרײנד יאַבלאָנאָװיטש.

**גראף:** פיעל זעהר פיעל נײעס. דער ערסטער מיניסטער האָט זיך פאָן זײנעם אַמטע ענטזאַגט. װײל ער זיך צו שװאַך פיהלט אונד האָט מיר אָנגעטראָגען זײנע טאָכטער צו הײראַטען אונד האָט מיר געזאָגט דאָס ער װירד עם בײם קעניג ערװירקען דאָס איך זײן אַמט איבערנעהמע. בינען קורצען פרײנד מאַקסים װערדע איך ערסטער מיניסטער.

**מאַקסים:** אונד איך בירגערמײסטער אויף דיא שטעלע ל. אין דיא הויפּטשטאַדט װ.

**גראף:** העריע פרײנד מאַקסים. איך האָבע מיר שוין זאָגאר פּלענע געמאַכט װיא איך מיך דאַן אַלס ערסטער מיניסטער אויפפיהרע. ערסטענס װעמטליכע יודען פאָם לאַנדע צו פעריאַגען. צװײטענס...

**מאקסים:** ערסטענס צווייטענס דריטענס. צוערסט ווערדע נור מיניסטער אונד ערסט דאן פלענע. ויעהסט דוא מיין פריינד איך פירכטע דאס דיעזע פריינדשאפט וואס דיר דער אלטע מיניסטער ערצייגט זאל שיינט מיר ניכט איין פלאן צו דיין פערדערבען זיין, דען איך האבע פיעל מאל בעמערקט דען דאקטאר דאניאל צום אלטען מיניסטער העריין קאמען.

**גראף:** פילייכט איזט ער קראנק אונד דער יודישער דאקטאר איהם בעהאנדעלט. איך מוס נאך ביים אלטען מיניסטער אויספיהרען דאס ער זיך פאן דען יודישען דאקטאר ניכט מעהר בעהאנדלען לאסען זאל, דען עס איזט איינע שאנדע דאס יודען זאלען קריסטען היילען.

**מאקסים:** איך פירכטע אבער גראף דאס דער מיניסטער איזט יעטצט דאקטאר אום דעם יודישען דאקטאר צו קורירען איך פירכטע דאס ער איהם היילמיטעל גיבט אום דיך צו בעגראבען, דען דער אלטע מיניסטער האט אימער דען יודישען דאקטאר געליעבט, אונד ליעבט איהם נאך אונד דער דאקטאר אליין איזט אויך איין געשייטער קערל.

**גראף:** האלע איהם דער קוקוק.

**מאקסים:** האלע איהם דער קוקוק, האלע איהם דער קוקוק. איך זאגע דיר גראף עס געפעלט מיר ניכט. עס שטימט מיר ניכט עס שמעקט מיר ניכט.

**גראף:** הע וואס האבע איך פאן דיינע דומע ווארטע. דער קעניג האט זיך מיינע טרייע איבערצייגט אונד ליבט מיך אונד ווירד מיך צום ערסטען מיניסטער ערנענען. קורץ איך בין שאן מיניסטער איין בעווייז דארויף האסט דוא דער קעניג האט איינען מאסקענבאל פעראנשטאלטעט וועלכע נאך הייטע נאכמיטאג ערעפנעט ווירד. אונד ווער גלויבסט דוא וואר דער ערסטע צו דיעזעם באל געלאדען, איך גראף סטאניסלאוו יאבלאנאוויטש אנגעהענדער מיניסטער.

**מאקסים:** אונד איך זאגע דיר גראף דאס איך פירכטע דאס דיעזער באל זאל ניכט איין נעטץ פיר דיך זיין אום דיינע פערניכטונג צו ערהייבען.

**גראף:** קורץ פריינד מאקסים דוא ביזט איין עזעל.

**מאקסים:** יא נאמענטליך אונד דוא גראף ביזט עס ועכטליך.

**גראף:** וואס האבע איך דאפאן איך בלייבע ערסטער מיניסטער אונד באסטיא.

**פאויל:** (זינגט הינטער דיא קוליססען) אך מיינע שוועסטער
וועה איך דארטען געהען.
זי געהט אונ וויל ניכט בלייבען שטעהען. ביס
ווייל געטעדטעט האב איך זיא אליין.
אוי שוועסטער מיינע. שטעה אונ ווארט אויף מיר,
אוי וועה שוועסטער מיינע נעהם מיך מיט מיט דיר
זיא געהט אונ וויל נישט בלייבען שטעהען.
ווייל געטעדטעט האבע איך זיא אליין. ביס

**גראף:** ווארהאפטיג דיא שטימע פאן דען געטויפטען פאויל.

(מוזיק שטורם. פאויל לויפט העריין אונ קעהרט איבער דיא שטוב זייא צולויפען זיך אין דיא זייטען ער בלייבט רוהיג אונ זינגט ווייטער דאס זעלבע זייא שרעקען זיך צו איהם צוצוגעהן איינער בעהאלט זיך הינטער דעם אנדערען).

**מאקסים:** אבער ווארום פירכטעסט דוא גראף?

**גראף:** איך פירכטע ח ח ח איך פירכטע ניכט.

**מאקסים:** ווען דוא ניכט פירכטעסט דאן געהע אויף איהם צו אונד פראגע איהם וואס מיט איהם געשעהען איזט.

**גראף:** איך פירכטע ניכט, ניכט. אבער געהע דוא אונד פראגע איהם וואס ער וויל, וואס ער שרייט.

**מאקסים:** ווארטע וויר געהען צוזאמען (געהען לאנגזאם צו איהם צו אונד בלייבען שטעהען פאן ביידע זייטען) פאויל מיין זאהן ערקענסט דוא ניכט דיינען אלטען גוטען טויף-פאטער דיין פריינד מאקסים.

**פאויל:** מאקסים? טפי... (שפייט זייא ביידע אין פנים העריין) ח ח ח.

**גראף:** ער איזט שיינט מיר פעריקט? וואס זאגסט דוא צו זיינער בע-גריעסונג? (ווישט זיך דאס פנים).

**מאקסים:** ווארטע גאט ווירד העלפען. וואס איזט פאויל?

**פאויל:** (הייזעריק) האכלער זאל מען הייסען אונד מיט געלד זאל מען שמייסען. (דער גייסט זיינער שוועסטער ערשיינט) אה שוועסטער פיף פוף פאף ערמארדעט שוועסטער אך שוועסטער (ער פאלט אנידער).

**גראף:** וואס איזט מיט זיינער שוועסטער געשעהן?

**מאכסים:** גֶעבֶּע אִיהם גְרַאף אַיין גְלאז וַויין דַאס וְוירְד אִיהם דִיא צוּנְגֶע לֶעזֶען אוּנְד עֶר וִוירְד אַלֶעם עֶרְצֶ הֶלֶען (ער גיט איהם וויין ער טרינקט אויס) גֶעבֶּע אִיהם נָאךְ אַיינֶעם. (ער גיט איהם נאך וויין ער גולגעט מיט דעם וויין אונד פערשכּוּיטצט זייא ביידע).

**גראף:** צוּם טַייפֶעל דִיעזֶער פֶערְרִיקְטֶער (ווישט זיך אב).

**מאקסים:** וַוארְטֶע גְרַאף גָאט וִוירְד הֶעלְפֶען. פְּאוִיל מַיין זָאהְן וַואס אִיזְט דַיינֶע שְׁווֶעסְטֶער גֶעשֶׁעהְן?

**פאויל:** פִּיף פּוּף פַּאף עֶרְמָארְדֶעט.

**מאקסים:** וַואס דִיא יוּדֶען הַאבֶּען זִיא עֶרְמָארְדֶעט וַוייל זִיא וָואלְטֶע אוּנְזֶער גְלוֹיבֶּען אַנְגֶעהְמֶען. נִיכְט וַואהְר פְּאוִיל מַיין זָאהְן? זַאגֶע עֶרְצֶעהְלֶע.

**פאויל:** הַאכְלֶער זָאל מֶען הֵייסֶען אוּנְד מִיט גֶעלְד זָאל מֶען שְׁמַייסֶען.

**מאקסים:** דוּא הֶערְסְט גְרַאף גָאט וִוירְד הֶעלְפֶען. עֶר וִויל גֶעלְד גֶעבֶּע אִיהם אַיינֶע מִינְצֶע. (ער גיט איהם)

**פאויל:** (ווארפט העריין דיא מינצע אין ביזעם דאן לויפט ער צו מאקסימען) גֶעלְד!

**מאקסים:** אִיךְ הַאבֶּע נִיכְט אִיךְ בִּין אָרִים. צוּם גְרַאפֶען גֶעה.

**פאויל:** (לויפט צו צום גראף) גֶעלְד!

**גראף:** אִיךְ הַאבֶּע דִיר דָאךְ עֶרְסְט גֶעגֶעבֶּען?

**פאויל:** גֶעלְד! גֶעלְד!

**מאקסים:** גֶעבֶּע אִיהם נָאךְ אַיינֶע מִינְצֶע (ער גיבט איהם).

**פאויל:** (ווארפט העריין אין ביזעם) גֶעלְד! גֶעלְד!

**גראף:** וַואס נָאךְ גֶעלְד?

**מאקסים:** גֶעבֶּע אִיהם דֶעם גַאנְצֶען בֵּייטֶעל וֶועק וִויר וֶוערְדֶען עֶס דַאן צוּרִיק נֶעהְמֶען.

**גראף:** הַאסְט דוּא דַאס גַאנְצֶע. (גיבט איהם דעם בייטעל).

**פאויל:** (בעהאלט איהם אין ביזעם) גֶעלְד! גֶעלְד!

**גראף:** צוּם טַייפֶעל אִיךְ הַאבֶּע דִיר שָׁאן אַלֶעם וֶועקְגֶעגֶעבֶּען.

**מאקסים:** פְּאוִיל מַיין זָאהְן דוּא הַאסְט דָאךְ שָׁאן גֶענוּג גֶעלְד וִוירְסְט דוּא אַמָאל עֶרְצֶעהְלֶען?

**פאויל:** גֶעלְד! (צייגט מיט דיא הענד מימיק וויא מען שרייבט אונד דאן צייגט ער אויף זייא ביידע מיט דער האנד אונ דאן צייגט ער מיט דער האנד אויף דער ערד אונ טיפעט מיט דעם פוס).

**גראף:** וואס מיינט ער דאמיט? וואס זאגט ער, פריינד מאקסים.

**מאקסים:** ער זאגט דאס ער האט זא איין שריפטשטיק מיט וועלכעס ער אונז ביידע לעבענדיג בעגראבען קאן.

**גראף:** קריעג עס ביי איהם הערויס!

**מאקסים:** (געהט צו איהם צו אומארמט איהם וויל זיך צו איהם נעהמען) פאויל מיין גוטער טהייערער זאהן. (וויל דיא האנד איהם אין בוזעם הערייו ריקען ער שפייט איהם אב אונ ווארפט איהם צום באדען אונ ענטלויפט).

**גראף:** (שרייט הערייו אין דיא קוליססען) הע אנטאניו דען פערדריקטען ניכט פארט לאסען. נון פ. מ. אדיע איך מוס שאן צום קעניג געהען.

**מאקסים:** ניין ווארטע גראף איך האבע מיט דיר איין וויכטיגעס ווארט צו רעדען.

**גראף:** אונד דיזעס איזט?

**מאקסים:** מיינען עהרליך פערדיענטען טהייל וויל איך האבען.

**גראף:** ווארטע נאך אפאר טאגע, טרויעסט דוא ניכט דען קינפטיגען מיניסטער?

**מאקסים:** וואס האבע איך דאפאן טרויעסט דוא ניכט דען פריינדען מאקסים. איך וויל עס שאן האבען.

**גראף:** האסט דוא דאס געוויסע פאפיער ביי דיר?

**מאקסים:** אויב איך עס האבע איך האבע עס וויא מיין אויג אין קאפף געהיטען. (נעהמט עס ארויס).

**גראף:** צייגע עס נור הער. (וויל חאפען. מאקסים גיט איהם א פייט איבער דער האנד)

**מאקסים:** האב דאך צייט גראף, צייג נור הער דאס געלד.

**גראף:** היער האסט דוא געלד (צייגט איהם א שרייב טופעל מיט געלד ער וויל חאפען גיט ער איהם א פאטש) וואס איילסט דוא זא פריינד מאקסים? טרויעסט דוא ניכט דען אנגעהענדען מיניסטער?

**מאקסים:** אונד ווארום טרויעסט דוא ניכט דען פריינד מאקסים?

**גראף:** אלזא פערטרויען געגען פערטרויען.

**מאקסים:** פערטרויען געגען פערטרויען!

(גראף האלט אין איין האנד דאס געלד אין דיא אנדערע האנד האלט ער אויסגעשטרעקט נאך דעם פאפיער אונ מאקסים אויך אין דעם זעלבען אנגריף ביז זייא חאפען זיך איינס בייא דאס אנדערע אויס)

זא האבען וויר וויא עהרען מענער געהאנדעלט.

גראף: (עפענט דאס פאפיער דרייט עס פון אלע זייטען) שופט וואנאבונד זויפקערל!

מאקסים: וועם מיינסט דוא דען?

גראף: דיך אלטער הונד. וואס האסט דוא מיר געגעבען?

מאקסים: וועלכע פראגע? דאס געוויסע פאפיער ח ח ח דער גראף ערקענט ניכט זיינע האנדשריפט.

גראף: מיינע האנדשריפט? קאם הער לעזע.

מאקסים: צייג עס נור הער.

גראף: צייג נור הער דאס געלד. (זיא חאפען זיך ווייטער אויס איינס בייא דאס אנדערע).

מאקסים: (נעמט לעזען) איך ענדעסגעפערטיגטער גראף.

גראף: אבער וואס לעזעסט דוא דארט? שווקע! עס איזט דאך איין לעהרער באגען.

מאקסים: יא עס שיינט מיר אויך איין לעהרער באגען צו זיין.

גראף: נון ווא איזט דאס פאפיער?

מאקסים: אהא יעטצט פערשטעה איך שאן דאס ריכטיגע פאפיער האט דער פאויל. (אב מיט דיא ווערטער).

גראף: קריגעם בייא איהם הערוים איך מוס צום מאסקענבאל געהען, איך האבע ניכט צייט.

ער הייבט זיך דיא האנדשוהע אנצוציהען. פאויל לויפט העריין ער וויל איהם פאקען פאויל ווארפט איהם צום באדען. מאקסים אונד נאך איינער לויפען העריין אונ ווילען זיך צו איהם נעהמען. ער ווארפט זייא ביידע ארויף אויף דעם גראף זייא שרייען. ער ווארפט אויף זייא ארויף דיא זעסעל דעם טיש אונ קריכט אליין אויך ארויף אונ צולאכט זיך.

ענדע דעם 4־טען אקטעס.

## V. אקט.

שטעלט פאר איין שענער רייך געשמיקטער זאל. דער קעניג זיטצט אם טהראן דער גראף שטעהט נעבען דעם קעניגס רעכטע האנד. פיעלע געסטע שטעהען אונ זאלען בעגריססען דען קעניג. פיעלע מאסקען שטעהען אויף א טעראסע אונר זינגען אלע).

**קאר:** יא דער מאסקען-באל פאנגט אן (ביס).
געווינען דיא וועטע געווינען דיא וועטע.
האט נור אונזער ליעבער גראף.
יא דער מאסקען-באל פאנגט אן
געווידמעט דען גראפען דען עדלען מאן.

**קעניג:** מיינע געסטע זייט בערייט, צום באל ער בעגינט.
**פאזשע:** 4 אראבער לאסען זיך מעלדען.
**קעניג:** לאסע זיא קאמען (פאזשע אב).

דיא אראבער ערשיינען מיט בלומען-טעפפע אונד אויך קערבע מיט בלומען אונד אראבישע פעכער, שטעלען זיך אלע 4 פאר דעם קעניג מיט געזאנג.

**אראבער:** סאלעם אלעקעם (4 מאל)
יא א האך לעבע אונזער קעניג
דיא גאנצע וועלט זייא איהם אונטערטעניג
ער זאל פון קיין נאטה קיין מאל וויסען.
דיא זינדע דער שלעכטען זאל ער קיין מאל
ביסען.

זיין טהראן אונד עהרע
זאל אימער האהער שטייגען.
אונד זיינע בייזע פיינדע
זאל ער הין לעגען. סאלעם אלעקעם.

**קאר:** זינגט ווייטער אבער ניכט מעהר וויא דיא ערסטע ווארטע סאלעם אלעקעם דאס איזט דיא בעגלייטונג.

(זייא זינגען אב געהען זייא ארויף דיא טעראסע).

**פאזשע:** איין טויבען-פאר לאסט זיך מעלדען.
**קעניג:** לאסע זיא קאמען (פאזשע אב).

(זעליקל אונ ציערעלע שוועבען אריין אלס טויבען פערקליידעט פערנייגען זיך פאר דען קעניג).

**טויבען:** אוּ וואַ, קְרָא קְרָא (16 מאל).

**זיא:** דִיא מֶענְשֶׁען גֶעפֶעלֶען אוּנְז נִיט.

**ער:** ווייל זייא שְׁטְרֶעבֶען נור נאָךְ מֶענְשֶׁען בְּלוּט.

**זיא:** אֵיינֶע דִיא צְווייטֶע עֶרְשְׁטִיקֶען.

**ער:** אוּם צוּ רוֹיבֶען דֶעם צְווייטֶענְס גְלִיקֶען.

**ביידע:** אָבֶער מִיר לֶיעבֶּעם טוֹיבֶען פָּאר,
לִיעבֶען זִיךְ קִישֶׁען זִיךְ אוּנְד זִינְגֶען נור.
אוּ אַ, קְרָא קְרָא (פערנייגען זיך אונ געהען אויך הערויף דיא טעראסע)

**פאושע:** אַיין צִיגַיינֶער פַּאר לֶעסְט זִיךְ מֶעלְדֶען.

**קעניג:** נור קָאמֶען (פאושע אב).

(דאניאל אונד בליהמעלע אַלס ציגיינער פערקליידעט טאנצען אריין פערנייגען זיך פאר דען קעניג).

**ציגיינער:** עֶלִיעֶן טְשׁוּעֶהעה עֶלִיעֶן אַמאדְיַאר. (ביס)
עֶלִיעֶן . . . אַמאדְיַאר.
טָאקֵייעֶר וויין אָהֶן אַ שִׁיעוּר
דַאס נָאר טְרִינְקֶען מִיר. (ביס)
פַאפְּרִיקַא גוּלַארְשׁ
דִיא מַאדְיַאר מאכְט אוּנְז דֶען קוּראשׁ.

**זיא:** מִיר צִיגַיינֶער וואנְדֶערֶען וואנְדֶערֶען שׁוֹין
זַייט פִיעלֶע טוֹיזֶענְדֶער יָאהְר.

**ער:** יָא יָא אוֹיף שְׁנֶעע אוּנְד רֶעגֶען לַאדֶען
יָא לַאדֶען אִימֶער נור.

**זיא:** וִויר צִיגַיינֶער וואנְדֶערֶען אַרוּם
אִין אַלֶע לֶענְדֶער אוּמֶעדוּם.
אוּנְד וִויר פִינְדֶען נִיעֶרְגֶענְץ קֵיין רוּה
מֶען יָאגְט אוּנְז מֶען פְּלָאגְט אוּנְז פוּן נַאכְט בִּיז פְּרִיה.

**ביידע:** וִויר וואנְדֶערֶען אִימֶער. דָאךְ מִיעד וֶוערְדֶען נִימֶער.
דַארוּם זִינְגֶען וִויר אָהֶן שִׁיעוּר, עֶלִיעֶן אַמאדְיַאר.
עֶלִיעֶן טְשׁוּעֶהעה עֶלִיעֶן אַמאדְיַאר (ביס)

עליען אמאדיאר.
טאקייער וויין אהן שיעור
דאס נור טרינקען מיר. (ביס)
פאפריקא גולאש
דיא מאדיאר מאכט אונז דען קוראש.

(וויא טאנצען אב פערנייגען זיך בלייבען אין א זייט).

**קעניג:** נון גראף וער אונטער דיא מאסקען האט דען ערסטען פרייז פערדיענט.

**גראף:** אהנע צווייפעל מאיעסטעט דיא לעטצטע. אך וואס פיר איינע רייצענדע מאסקע דאס איזט.

**קעניג:** בראווא גראף דוא האסט איין גוטעס אויגע נון איבערגרייכע דער שענער מאסקע איהר עהרליך פערדיענטען פרייז. (גיט איהם איינע גאלדענע ביקסע מיט בריליאנטען געפאסט).

**גראף:** היער שענע מאסקע. (וויל איהר געבען).

**בליהמעלע:** (לויפט צו צום טהראָן אונד קניהט) גנאדע מאיעסטעט.

**קעניג:** האט דיר יעמאנד פיליייכט וועה געטהאן, זא שטעהע אויף אונד רעדע פרייא.

**בליהמעלע:** יא מאיעסטעט. אונד עבען דיעזער גראף.

**קעניג:** אונד וואָרין בעשטעהט זיינע זינדע געגען דיך?

**בליהמעלע:** פאר איינינע מאנאטע האט מיר דיעזער גראף טרייע ליעבע געשוואהרען, אונד איך אונגליקליכע האבע איהם מיין הערץ אונד אויך דאס טהייערסטע פערשענקט אונד דאן איזט ער וועק דיעזער טרייא לאוער אונד איזט נישט מעהר צוריק.

**קעניג:** נון וואס זאגסט דוא גראף?

**גראף:** שענע מאסקע דוא ביזט פיליייכט אים אירטומע?

**בליהמעלע:** ערלויבע מיר קעניג דיא מאסקע אבצולעגען פיליייכט ווירד ער מיך יא ערקענען.

**קעניג:** איך ערלויבע עס דיר.

**בליהמעלע:** (טהוט אוים דיא מאסקע) נון גראף איזט דיר דיעזעס געזיכט אונבעקאנט? האסט דוא דיעזע ליפען ניע געקיסט? אך איך אונגליקליכע. (וויינט)

**גראף:** שאם לאָזעם ווייב צום ערסטען מאל זיה איך דיך, ווער ביזט דוא? איך קענע דיך ניכט אמאל.

**בליהמעלע:** האסט דוא מיך ניע געזעהען? ניע געקאנט?

**גראף:** פערפלוכטעס ווייב איך האבע דיך ניע געזעהען אונד ניע געקאנט אונד ווינשע אויך יעטצט דיינע געגענווארט לאז צו ווערדען.

**בליהמעלע:** קאנסט דוא דאריף שווערען זא ציעהע איך מיינע אנקלאגע צוריק.

**קעניג:** גראף שווערע דאס דוא דיעזעס מעדכען ניע געזעהען ניע געקאנט אונד ניע געקיסט. וואן דוא עס שווערסט דאן זאל זיא אלס פערלאיימדערין איהרע שטראפע פערדיענען.

**גראף:** איך שווערע דיר מאיעסטעט דאס איך דיעזעס געזיכט ניע געזעהען ניע געקאנט וועדער געקיסט. איך שווערע עס.

**קעניג:** זא האט דיך דיין אייגענער מונד פערראטען.

**גראף:** אבער איך פערזיכערע מאיעסטעט דאס איך יעטצט ריינע וואהרהייט געשפראכען.

**דאניאל:** יא יעטצט האסט דוא דיא וואהרהייט געשפראכען, אבער איין אנדערעס מאל האסט דוא אונזער גנעדיגען קעניג בעלאגען אונד בעטראגען.

**גראף:** ווער וואגט עס צו מיר זא פרעך צו רעדען?

**דאניאל:** (דעמאסקירט זיך אונד אימארמט בליהמעלען) קיין אנדערער אלס דער יודישער דאקטאר דאניאל מיט זיינער היים געליעבטען פרויא בליהמעלע.

**איינער:** (פאם פאלק) האך לעבע דאקטאר דאניאל!

**אלע:** האך!

**דאניאל:** איך דאנקע מיינע פריינדע, נון העררך גראף ווער האט דיא וועטע געוואנען?

**קעניג:** יעטצט זעה איך דאס דיא בלוט בעשולדיגונג אויף מיינע טרייע יודישע אונטערטאנען איזט אויך פאלש.

**גראף:** מאיעסטעט דיא וועטע האבע איך פערלארען. אבער דאס קינד האבען דיא יודען ערמארדעט.

**קעניג:** דאס ווערדען וויר אונז שאן איבערציינגען.

(מען הערט דערויסען איין שאס א - געשרייא, פאויל לויפט אריין דיא ברוסט דורך געשאסען, דאס בלוט רינט פון איהם, מיט א פאפיער אין דער האנד, ער פאלט נעבען טהראן, גיבט איבער דאס פאפיער דעם קעניג, אין דיזעס אויגענבליק פיהרט אריין איינער מאקסימען, מאקסים האט נאך דעם רעוואלווער אין דער האנד מעלדעט דעם קעניג).

**דער איינער :** מאיעסטעט דיעזער מאן איזט ערשאסען אונד דיעזער איזט דער מערדער. (צייגט אויף מא סים)

**קעניג :** האלטעט איהם פעסט. (מען האלט איהם שאן)

**פאויל :** דיא אונשולד פאן מיינע ברידער הענגט אן דיעזעם פאפיער אב, לעזע קעניג אונד שיטצע מיינע ברידער פאן שלעכטע בעזע בעשולדיגונגען אונד פערדארבענע געשעפפע דיא אונטער דען נאמען פאן מענשען אויף דיעזע זינדיגע וועלט דיא וואהרע מענשען אויפפרעסען.

**דאניאל בליהמערע ציערערע זעריקל :** בערעלע? אונזער בערעלע.

**פאויל :** יא בערעלע נישט פאויל. פערצייהע מיר דאניאל בליהמעלע ר׳ ליעפע, דען איך שטערבע אלס יוד אונד האבע מיינע ברידער פאן געפאהר גערעטעט, פערצייהעט מיר שמע ישראל. (שטירבט)

**דאניאל בריהמערע זעליקל ציערעלע :** גאט זאל דיר פערצייהען!

**קעניג :** נון טראגט איהם פארט. (מען טראגט איהם וועק) נון יעטצט הערעט וואס היער געשריעבען איזט. (לעזט) איך ענדעס געפערטיגטער גראף סטאניסלאוו יאבלאנאוויטש בעקענע היעמיט דאס איך זעלבסט מיינעם ברודערס קינד ערמארדעט האבע, אום דיא ערבשאפט צו בעקאמען. אונד אום מיך פאם פערדאכטע ריין צו וואשען זא האבע איך עס דען יודען אונטערשאבען. אייגענהענדיג אונטערצייכנעט גראף סטאניסלאוו יאבלאנאוויטש. (צום גראפען) נון וואס זאגסט דוא גראף.

**גראף :** דאס פאפיער איזט געפעלשט אונד היער איזט דער מערדער. (צייגט אויף מאקסימען).

**מאקסים :** וואס זאגט ער דער אנגעהענדער מיניסטער? (חאפט איהם אוים פון דעם גארטעל ארוים דעם שרייב טאוועל צייגט דעם קעניג) אונד פיר וועהם וואר דיעזעס געלד בעשטימט ניכט פיר מיך? מאיעסטעט איך האבע איהם בלאס דעם פלאן געגעבען אבער ערמארדעט האט ער.

**קעניג :** נון געהט פארט מיט ביידען אין קערקער.

**גראף :** נון ווא איזט דיין גאט ווירד העלפען?

**מאקסים:** וואן גאט האט ניכט געהאלפען זא האט אונז דער טייפעל געהאלפען. איין בעווייז האסט דוא דאס אונז דער טייפעל געהאלפען דאס וויר יעטצט צום טייפעל געהען. אבער מאיעסטעט איך מעכטע ביטען שטאט אין קערקער צו שמאכטען איזט מיר פיעל ליעבער אין דיינער קראן שטאדט בירגערמייסטער צו זיין. (מען פיהרט זייא ביידע אב)

**קעניג:** נון יעטצט רופט מיט מיר צוזאמען האך לעבע מיין גוטער פריינד אונד יודישער דאקטאר דאניאל.

**אלע:** האך.

**דאניאל:** האך לעבע אונזער גוטער פאטער אונד גערעכטער קעניג.

**אלע:** האך. (זינגען):

עליען טשוהעהע, עליען אמאדיאר (ביס)
טאקייער וויין אהן א שיעור
יא דאס נור טרינקען וויר.
פאפריקא גולאש
דיא מאדיאר מאכט אונז דעם קוראש.
חתן כלה מזל טוב (3 מאל)
ווינשט אלע פריינד (ביס)
א יום טוב איז היינט.

(זעליקל מיט ציערעלען טאנצען דאבייא).

פארהאנג פאלט.

**ענדע.**

# לַאטֵיינֶערְ׳ס

# טְהֶעאַטֶערְשְׁטִיקֶע.

# בְּלִיהֶמֶעלֶע

אָדֶער

## דִיא פֶּערְלֶע פָאן וַוארְשָׁא (עֲלִילַת דָם).

**פאדגורזע, תרס״ג.**

דרוק פאָן ש. ל. דייטשער. — פערלאג פאן אהרן פויסט,
בוכהאנדלונג אין קראקויא.